# צו דער שפּראַך־פּראַגע.

## I.

## די אידישע אַרבייטער־מאַסען און די אידישע שפּראַך.

צוזאַמען מיט דער ערוואַכונג פֿונ'ם אידישען פֿאָלק צו אַן אַקטיווען קאַמפּף פֿאַר זײַן נאַציאָנאַלער בעפֿרייאונג, צוזאַמען מיט דער אויפֿבליהונג פֿון נײַע אידישע האָפֿנונגען און שטרעבונגען צו נאַציאָנאַל־קולטורעלער זעלבסטשטענדיגקייט, איז אויך אַרויסגעשוואומען אויפ'ן אויבערפֿלעך פֿונ'ם אידישען לעבען די שפּראַך־פֿראַגע. דאָס אידישע פֿאָלק האָט פֿערשטאַנען, דאָס די נאַציע קען ניט זײַן פֿרײַ, אויב איהר שפּראַך איז פֿערשקלאַפֿט, דאָס דער אייגענאַרטיגער אידישער קולטורעלער גייסט קאָן זיך ענטוויקלען נור אין אייגענאַרטיגע קולטורעלע פֿאָרמען. און אַ מערקווירדיגע ערשײַנונג: צום ערשטען מאָל פֿאַר'ן לאַנגדויערנדען גלות שטעלט אַרויס דאָס אידישע פֿאָלק די פֿאָדערונג פֿון גלײַכבערעכטיגונג פֿון זײַן שפּראַך.

אינ'ם ניט־לאַנג דורכגעלעבטען „שטורם און דראַנג פּעריאָדע", ווען יעדע ריכטונג און שטרעבונג אינ'ם פֿאָלק טרעט דײַטליך אַרויס, ווען דאָס פֿאָלק זעלבסט דריקט אויס זײַן ווילען און שטרעבונג, האָט מען קיין איינציגעס ניט געקענט בעמערקען, וואָס זאָל אָנווײַזען אויף אַ בעוואוסטזיניגע שטרעבונג פֿון אידישען פֿאָלק צו אַסימילאַציע. יעדע גרופּע, אויב נור זי האָט געוואָלט געווינען די סימפּאַטיע פֿון די אידישע מאַסען און אויף זיי זיך צו שטיצען — זאָגאַר די פֿערביסענסטע פֿײַנד פֿון אידיש — די ציוניסטען — האָבען געמוזט אויפֿשרײַבען אויף זייער פֿאָן די נאַציאָנאַלע פֿאָדערונג פֿון גלײַכבערעכטיגונג פֿון דער אידישער שפּראַך. דאָס איז דער בעסטער צייכען אַז דאָס פֿאָלק אַכטעט זײַן ייִחוד, ווייל זי בעפֿרײַען און איז גאַנץ ווײַט פֿון אַ בעוואוסטזיניגער אַסימילאַציע.

ליידער אָבער, ווי גרויס עס זאָל ניט זײַן די בעדײַטונג פֿון די פּסיכאָלאָגישע מאָטיווען, ניט זיי געהער די הויפּט־ראָליע אין דער ענטוויקלונג פֿונ'ם סאָציאַליען לעבען.

„ווען די אידעאַלען קומען אין אַ צוזאַמענשטויס מיט די אָביעקטיווע בעדינגונגען, זיגען שטענדיג די לעצטע". און ווי שטאַרק עס זאָל ניט זײַן דער ווילען פֿונ'ם פֿאָלק צו בלײַבען בײַ זײַן שפּראַך, ווי הייס עס זאָל ניט זײַן זײַן ליעבע צו איהר, קוים וועלען די אָביעקטיווע בעדינגונגען ניט

גינסטיג זײַן פאַר איהר עקזיסטענץ אין ווײַטערדיגע ענטוויקלונג ווערט דאַן די אידישע שפּראַך מוזען ענדליך אָראָב פון דער לעבענס־סצענע. צי זענען גינסטיג די אָביעקטיווע בעדינגונגען פאַר דער עקזיסטענץ און ווײַטערדיגער ענטוויקלונג פון דער אידישער שפּראַך? צי שטופּט ניט די עקאָנאָמישע נויטווענדיגקײַט די אידישע מאַסען אין די אָרעם פון די ניט אידישע שפּראַכען? דאָס זענען, אַלזאָ, די הויפּט־פראַגען אויף וועלכע מיר מוזען זוכען אַ־ן ענטפער אין סאָציאַל־עקאָנאָמישען לעבען פון אידישען פאָלק.

די „אָן און פיר זיך" אינטערעסאַנטע פראַגען, בעקומען יעצט נאָך מעהר בעדײַטונג דאַדורך, וואָס, ניט קיקענדיג אויף דער אויפבליהונג פון דער אידישער ליטעראַטור, אויפ'ן וואוקס פון'ם אידישען לעזער־קרײַז און ביכער־מאַרק, בעמערקט זיך דאָך בײַ געוויסע שיכטען פון'ם אידישען פאָלק אַ נײַגונג צו אַסימילאַציע. און שוין יעצט געבען די גרויסע אידישע צענטרען (וואַרשוי, אָדעס, לאָדז און אַזוי ווײַטער) ביז 15% פון דער אידישער בע־פעלקערונג, וואָס האָבען שוין פערטוישט די מוטער־שפּראַך אויף אַ־ן אַנדערע *).

נאַטירליך, רופט די דאָזיגע ערשײַנונג אַרויס אַ געוויסען פעסימיזם וואָס אַנבעלאַנגט דער אידישער נאַציאָנאַלער צוקונפט אין אַלגעמײַנעם און דער אידישער שפּראַך בעזונדערס, אַ פעסימיזם, וואָס ווערט אי־פ־לינג בעשטעטיגט דורך דער אידישער גלות־געשיכטע, וואו אידען האָבען שטענדיג געביטען זײַער שפּראַך אויף די שפּראַך פון דער אַרומיגער בעפעלקערונג.

דאָס אַלץ פערגרעסערט די בעדײַטונג פון די אויבענדערמאַהנטע פראַגען און גיט זיי צו דעם כאַראַקטער פון דרינגליכקײַט.

אין אויף די פראַגען, וויל אונזער אַרטיקעל פּרובען געבען אַ־ן ענטפער. —

דאָס כאַראַקטעריסטישע פון'ם אידישען עקאָנאָמישען לעבען אין גלות איז דאָס, וואָס דאָס אידישע פאָלק איז אָבגעריסען פון'ם לאַנד, האָט אויפגעהערט צו שטעהן אין דירעקטע בעציהונגען און אָבהענגיגקײַט צו דער נאַטור. דאָס אידישע פאָלק האָט אין גלות פערלאָרען אײנעם פון זײַנע וויכטיגסטע געזעלשאַפטליכע קלאַסען — דעם קלאַס פון ערד־אַרבײַטער, וואָס האָט גאַנץ נאַטירליך אין הײַמאַט געבויט דעם יסוד פון דער אידישער נאַציע.

דער ערד־אַרבײַטער קלאַס, איז דער קאָנסערוואַטיווסטער פון אַלע פאָלקס־קלאַסען. אין זײַן עקאָנאָמישען לעבען בעמערקט זיך נישט קײן אָפטע איבערקעהרענישען, קײן עקאָנאָמישע רעוואָלוציעס, ווי אינ'ם לעבען פון

*) По переписи 97 года.

אַנדערע געזעלשאַפטליכע קלאַסען. דער פּאָרטשריט, די ענדערונג פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען נעהמט־צו אין זיין עקאָנאָמישען לעבען פיעל לאַנגזאַמער. דאָס אַלץ ווירקט אויף דעם ערד־אַרבייטער קלאַס און מאַכט איהם אונפעהיג צו ניכע פּסיכאָלאָגישע און קולטורעלע איבערקעהרענישען, מאַכט איהם פאַר אַ היטער און בעשיצער פון דער אַלטערטימליכקייט.

זייענדיג אין מיטעלאַלטער, ווען אין פיערשען עקאָנאָמישען לעבען האָט געהערשט די נאַטורעלע ווירטשאַפט, דער אייצינער שאָפער פון זיין עקאָנאָמישען וואָהלשטאַנד, איז דער ערד־אַרבייטער געוועזען דער זעלבסטשטענדיגסטער פון אַלע געזעלשאַפטליכע קלאַסען, עקאָנאָמיש ניט אַבהענגיג געוועזען פון דער אַרומיגער סאָציאַלער אומגעבונג, און האָט געקענט פיהרען אַ זעלבסטשטענדיגען נאַציאָנאַלען לעבען, בעזיצען אַ אייגענע נאַציאָנאַלע שפּראַך, אָבוואָהל ער איז געווען אונטערגעוואָרפען אַ פרעמדער הערשאַפט, איהם האָט אַרומגערינגעלט אַ פרעמדע נאַציאָנאַלע אומגעבונג.

אַט דער היטער און בעשיצער פון דער נאַציאָנאַלער טראַדיציע און שפּראַך האָט געפעהלט דעם אידישען פאָלק אין'ם גלות לעבען. אַנשטאַט איהם האָבען זיך ענטוויקעלט ביי אידען אַנדערע צוויי קלאַסען—הענדלער און האַנדווערקער—קלאַסען וואָס זענען שוין ניט אָבהענגיג אונמיטעלבאַר פון דער נאַטור: זייער עקאָנאָמישער שיקזאַל געפינט זיך אין די הענד פון דער אַרומיגער ניט־אידישער סאָציאַלער אומגעבונג, פון איהר זענען זיי אָבהענגיג.

צו דער ניט־אידישער סאָציאַלער אומגעבונג מיט איהר ניט־אידישער שפּראַך האָט זיך געמוזט צופּאַסען ניט נור דער אידישער הענדלער, נור אויך דער אידישער האַנדווערקער, ווייל אין דער פאַר־קאַפּיטאַליסטישער עפּאָכע האָט דער האַנדווערקער געאַרבייט בלויז אויף פּריוואַטע בעשטעלונגען און ווי דער אידישער הענדלער, האָט אויך דער אידישער האַנדווערקער געמוזט זיך געפינען אין פּריוואַטע בעציהונגען מיט'ן ניט־אידישען פערבראַוכער, פאַר וועלכען ער האָט איבערהויפּט געשאַפען.

און נור דערמיט ערקלערט זיך, וואָס די אידען האָבען אין מיטעלאַלטער אומעטום גערעדט אויף דער שפּראַך פון דער אַרומיגער בעפעלקערונג: אין דייטשלאַנד — דייטש אין שפּאַניען — שפּאַניש און אין די סלאַווישע לענדער — סלאַוויש *).

און אויב אין פּוילען האָט די אידען געלונגען פערהיטען זייער, פון גערמאַניען מיטגעבראַכטע דייטשע שפּראַך, און וואָגאַר זי ווייטער

---

*) См. Гаркави: о языкѣ евр., жившихъ въ древней Руси; Бершадск.: „Литовск. евреи" стр. 395; Регесты и надписи т. I стр. 45 № 145.

ענטוויקלען, איז געווים צו פערדאנקען דאס, וואס די דייטשע שפראך, אויף וועלכע זיי האבען גערעדט, האט געשפיעלט א בעדייטענדע ראלע אין פאליטישען און עקאנאמישען לעבען פון פוילען. זי איז געוועזען די אריסטאקראטישע שפראך און זי איז געוועזען נוצליך און זאגאר נויטווענדיג פאר זייער האנדעל, אין וועלכען ס'איז געוועזען פערנומען א בעדייטענדע צאהל פון דער אידישער בעפעלקערונג אין פוילען.

ניט קיין קליינע ראלע האט געשפיעלט אין דער ענטוויקלונג פון דער אידישער שפראך אויך דאס, וואס אידען האבען אין פוילען פון אנפאנג־אן, געבילדעט אידישע געטא'ס און האבען אלזא געשאפען איין אידישע נאציאנאלע אומגעבונג, וואו עס האט פאלקאם געהערשט די דייטש־אידישע שפראך.

דא האט דער איד געטוזט פערברייננגען זיינע קינדער־יאהרען, דא איז געבוירען און האט זיך פארמירט זיין נאציאנאל־קולטורעלער „איך” און אויך שפעטער — א דאנק זייער איזאלאציע פונ'ם געזעלשאפטליכען לעבען אין דער ניט־אידישער וועלט — האט דער איד געמוזט דא פערברענגען זיין גאנצע פרייע צייט פון האנדעל און ארבייט.

דאס זענען די איינציגע אורזאכען וואס האבען, לויט אונזערע מיינונג, פערהיט די אידען אין פוילען פון א שפראך־אסימילאציע און האט זיי זאגאר געגעבען די מעגליכקייט ווייטער צו ענטוויקלען זייער דייטש־אידישע שפראך.

יעצט ווען די אויבענדערמאהנטע אורזאכען, וואס האבען מעגליך געמאכט די עקזיסטענץ פון א בעזונדער אידישער שפראך אין פוילען, זענען פערשוואונדען, וואלט ווירקליך אונז געדראהט א געפאהר צו אסימילירען זיך (אין דער שפראך) מיט דער ארומיגער בעפעלקערונג, ווען ניט די קאפיטאליסטישע ענטוויקלונג וואס האט אריינגעטראגען איינציגע ענדערונגען, וועלכע זענען רייך מיט פאלגען און וועלען גינסטיג זיין פאר דער ווייטערדיגער נאציאנאלער ענטוויקלונג פונ'ם אידישען פאלק.

די ענטוויקלונג פון דער אינדוסטריע און האנדעלס־פערקעהר מאכט אונגנוצליך פיעל פערמיטלערישע פונקציעס און טרייבט צוזאמען מיט דעם, די ארויסגעשטופטע פון פערמיטלערי צו ערווערבען נייע עקאנאמישע צווייגען פון וועלכע זיי זאלען זיך קענען ערנעהרען. דאס אידישע פאלק, וואס האט פאסט מאנאפאליזירט דעם קליינעם האנדעל און פערמיטלערי, מוז אנהויבען איבערצוגעהן צו פראדוקטיווע ארבייט. אויב אמאל האט דאס אידישע פאלק געגעבען א גרויסע צאהל ארבייטער און האנדווערקער בילדען יעצט די לעצטע דאס מעהרסט פון אידישען פאלק. די צאהל אידען, וואס בעשעפטיגען זיך מיט האנדעל, האט נאך אין יאהר 1897 ניט דערגרייכט

קיין ⅛ פון אלע וואס האבען א זעלבסטשטענדיגע בעשעפטיגונג (פון דער אלגעמיינער צאהל 1,428,535 אידען מיט זעלבסשטענדיגער בעשעפטיגונג (самодѣйствующіе) זענען מיט האנדעל געווען פערנומען 450,427 ד. ה. 31,5%*) און וואס מעהר ס'וועט זיך קאפיטאליזירען אונזער עקאנאמישע אומגעבונג, וואס מעהר ס'וועט זיך פערקלענערען דער צווייג פון פערמיטלעריי און קליינעם האנדעל, אלץ גרעסער וועט ווערן די נויטווענדיגקייט אין נייע ארבייטס-צווייגען, אלץ שטארקער וועט זיין דער איבערגאנג צו אינדוסטריע.

דער איבערגאנג צו אינדוסטריע וועט זיך נאך מעהר פערשטארקען דאדורך, וואס דאס דארף גיט א בעדייטענדע און אלץ וואקסענדע איבער-פעלקערונג וואס מוז איבערגעהן צו אנדערע ארבייטס-צווייגען און ממילא אויך צו האנדעל און פערמיטלעריי.

אין קיינע אינדוסטריעלע צווייגען איז די קאנקורענץ פון דער ניט-אידישער בעפעלקערונג אזוי געפעהרליך פאר די אידען, ווי אין פער-מיטלעריי און קליינעם האנדעל. לויט דעם כאראקטער פון פערמיטלעריי און קליינעם האנדעל מוז דער קויפמאן אדער קליין-הענדלער שטעהן אין פערזענליכע בעציהונגען מיט'ן פערברויכער. אינ'ם אידישען התחום געהערען די צוויי קלאסען—הענדלער און קאנסומענטען — צו בעזונדערע נאציאנאלע גרופען, זיי טיילט אב איינער פונ'ם אנדערן א גלויבענס-תהום איבער וועלכען ס'איז איבערגעווארפען א בריק פון נויטווענדיגקייט. די פאלקס-מאסען — דאס גיעבען אויך צו די ארטאדאקסאלע סאציאל-דעמאקראטען ק. קאאוטסקי און א. באאוער — בעציהען זיך מיט אונטרוי און זאגאר פעראכטען צו אלעם וואס איז ניט עהנליך אויף זיי, רעדט ניט אויף זייער שפראך גלויבט ניט אין זייער גלויבען. נאר די עקאנאמישע נויטווענדיג-קייט איז אימשטאנד צו צווינגען די ניט-אידישע פאלקס-מאסען צו קומען אין בעציהונג מיט'ן אידישען הענדלער. דאס ניט די אויבערהאנד דעם ניט-אידען אינ'ם קאמפף מיט זיין אידישען קאנקורענט. אום צו בעזיעגען דעם אידען ברויכט ער ניט צו בעזיצען בעסערע האנדלונגס-פעהיג-קייטען. זיין עקאנאמישען קאמפף וועט ער פערשלייערן אין א נאציאנאלען שלייער, בעקרוינען מיט נאציאנאלע אידעאלען. דער קאמפף געגען דעם אידישען הענדלער וועט זיך פיהרען אונטער דער פאהן פון נאציאנאלער בעפרייאונג פון פרעמדער עקספלאטאציע. די פאלקס-מאסען, אין וועמענס הארצען ס'לעבט אנ'אינסטינקטיווע פעראכטונג צו אלעם פרעמדען, וועלען

*) Б. Брудкусъ: „Профес." состав. евр. населенія Россіи" стр. 55.

מיטפיהלען דעם קאַמפף און ביי אַלע אַנדערע גלייכע בעדינגונגען וועט זיעגען דער ניט-אידישער הענדלער.

ווײַענדיג אַרויסגעשטופּט פון פערמיטלעריי אין קליינעם האַנדעל אין תחום, קענען זיי אויך ניט האָפען איינצואָרדנען זיך אַלס פערמיטלער און קליין הענדלער אין אַנדערע געגענדען אָדער לענדער, ווייל וואוהין זיי וועלען זיך ווענדען, וועלען זיי אומעטום געפינען אַן אָרטיגע קליינבורזשואַזיע נאַציאָנאַל צוזאַמענגעבונדענע מיט דער אָרטיגער בעפעלקערונג, מיט וועלכער ס׳וועט זיין אונמעגליך צו קאָנקורירען. איין וועג בלייבט פאַר׳ן רואינירטען אידישען הענדלער און פערמיטלער — דער וועג צו האַנד-ווערקשאַפט און אינדוסטריע. אָבער אויך צו דער האַנדווערקשאַפט קענען זיי איבערגעהן נור דאַן און אין די צווייגען, וועלכע זענען קאַפּיטאַליזירט געוואָרען. דאָ זענען ניט וויכטיג די פּראָדוקציאָנס-פאָרמען פון דער האַנדווערקשאַפט, וויכטיג איז איהר פּראָדוקציאָנס-אינהאַלט. פיעל אידישע האַנדווערקס-צווייגען זענען ביז יעצט געבליבען ביי פּרימיטיווע פּראָדוקציאָנס-פאָרמען, אָבער לויט זייער אינהאַלט האָבען זיי שוין דערגרייכט אַ הויכע שטופע פון דער קאַפּיטאַליסטישער ענטוויקלונג. זייער קאַפּיטאַליסטישער כאַראַקטער בעשטעהט אין דעם, וואָס זיי האָבען זיך עמאַנסיפּירט ניט נור פון די פערזענליכע בעשטעלונגען נאָר אויך אין אַ גאַנץ גרויסער מאָס פון די בעדערפנישען פון׳ם אָרטיגען מאַרק: דער אידישער ווערקשטאַט הויבט אָן צו שאַפען פאַר׳ן גרויסען שטאָטס-מאַרק.

אָט די קאַפּיטאַליזירטע צווייגען פון דער אידישער האַנדווערקשאַפט זענען די איינציגע פאַר דעם רואינירטען אידישען קליין-הענדלער און פערמיטלער.

ביז וואַנען דער ווערקשטאַט אַרבייט אויף פערזענליכע בעשטעלונגען, אין אין׳ם בעסטען פאַל פאַר׳ן אָרטיגען מאַרק, איז דער וואוקס און ענטוויקלונג פון דער האַנדווערקשאַפט שטאַרק בעגרענצט: דער ווערקשטאַט מוז פּראָדוצירען נור אַזוי פיעל, וויפיעל ס׳פאָדערט זיין פערבראויכער — דער אָרטיגער מאַרק. ביי אַזאַ לאַגע קען זיך איבערהויפּט ניט ענטוויקלען שנעל קיין האַנדווערקער-קלאַס און דאָס איבערגעהן פון אַנדערע עלעמענטען צו האַנדווערקשאַפט קען פאָרקומען אין בעסטען פאַל אין איין אונבעדייטענדער צאָהל.

אויסער דעם זענען אין אַלגעמיין די אידישע פּאָזיציעס אין דער ניט-קאַפּיטאַליזירטער האַנדווערקשאַפט ניט קיין זיכערע, ווייל דאָן שאַפט מען איבערהויפּט אויף פערזענליכע בעשטעלונגען און דער אידישער האַנדווערקער מוז זיך געפינען אין פערזענליכע בעציהונגען מיט׳ן ניט-אידישען פערבראויכער. ווי אין׳ם קליינעם האַנדעל און פערמיטלעריי,

קען אויך דא דער ניט-אידישער קאנקורענט אויסניצען אינ'ם קאמפף מיט'ן אידען דעם נאציאנאלען און גלויבענס אונטערשיעד צווישען דעם אידישען פראדוצירער און ניט-אידישען קאנסומענט. דער עקאנאמישער קאמפף צווישען אידישען און ניט-אידישען האנדווערקער קען זיך אויך דא פערמאסקירען אין א נאציאנאלע מאסקע, און דעם אידישען האנדווערקער, ביי אלע זיינע פערזענליכע פעהיגקייטען, וועט זיין שווער צו בעזיעגען זיין ניט-אידישען געגנער.

אנדערש איז עס אבער אין דער קאפיטאליזירטער האנדווערקשאפט. דער קאפיטאליזירטער ווערקשטאט ווערט אונאבהענגיג פונ'ם ארטיגען מארק, זיין פערברויכער איז דער אלשטאאטס-מארק. זי שאפט ניט בלויז פאר א בעשטימטער גרופע, נאר זי שטרעבט אונאויפהערליך צו ערקעמפפען נייע מערק, צו ערפינדען נייע קאנסומענטען. איהר מארק קען אלזא אונבעגרענצט וואקסען. די אלוואקסענדע נאכפראגע אויף די שטאאטס-פראדוקטען ניט די מעגליכקייט אנדערע עלעמענטען אין ארגעטיין און די רואינירטע אידישע הענדלער און פערמיטלער בעזונדערס, איבערצוגעהן אין א גרויסער צאהל צום ווערקשטאט. די קאנקורענץ פון דער ארטיגער בעפעלקערונג איז אין דער קאפיטאליזירטער האנדווערקשאפט ניט געפעהרליך פאר אידען, ווייל דא איז ניטא קיין פערזענליכע בעציהונגען צווישען דעם פראדוצירער און קאנסומענט. די אידישע ארבייטער, ווי אויך אלע אנדערע, פיגורירען דא אויפ'ן אלשטאאטס-מארק אינם געשטאלט פון פערגליווערטע סחורות, אויף וועלכע ס'ליגט דער שטעמפעל פון ארבייט און ניט פון נאציאן. די פערזענליכקייט פונ'ם פראדוצירער איז אבגעטיילט פון פראדוקט און פערמאסקירען דא דעם עקאנאמישען קאמפף אין א נאציאנאלער מאסקע איז אונמעגליך.

אויסער דעם מוז מען נאך בעמערקען אז די קאפיטאליזירונג פון דער האנדווערקשאפט פערניכטעט אויך ביי אנדערע פעלקער די נאציאנאלע איינהייט צווישען פראדוצירער און קאנסומענט. אויך דער פוילישער ארבייטער פון דעם קאפיטאליזירטען ווערקשטאט שאפט גאנץ אפט פאר'ן חינעזער פון אמורער געגענד אדער ארמענער פון קאווקאז. די נאציאנאלע אבגעזונדערקייט צווישען פראדוצירער און קאנסומענט, וואס ס'איז ביז יעצט געווען א ספעציעל אידישע ערשיינונג, נעהמט אן איין אלוועלטליכען כאראקטער. אזוי דא אויפ'ן ווייטען אינערליכען מארק, וואו עס עקזיסטירט איבערהויפט ניט קיין נאציאנאלע איינהייט צווישען שאפפער און פערברויכער, קענען די סחורות קאנקורירען צווישען זיך נור מיט זייער קוואליטעט און פרייז, און אזא קאנקורענץ איז פאר אידען ניט געפעהרליך.

און ווירקליך האָט די אידישע האַנדווערקשאַפט אָנגעהויבן שטרעבן צום גרויסן רוסלענדער מאַרק, און האָט אין דעם זין שוין יעצט דערגרייכט אַ הויכע שטופע. די אויספאָרשונג פון „יקאַ" האָט פעסטגעשטעלט, אַז כמעט אַלע אידישע אינדוסטריעלע צווייגן זענען פאָרגעשטעלט אין די ווייטסטע טיילען פון רוסלאַנד. אַ גאַנצע רייהע שטעדט און שטעדטלעך אינ'ם תחום פּראָדוצירען בלויז פאַר'ן אינערליכען רוסישען מאַרק (אויספאָרשונג פון „יקאַ" 1 ט. זייטע 216). אויך אינטערעסאַנט זענען אין דעם הינזיכט דער פּראָצענט-פערהעלטניס צווישען אידישע און ניט-אידישע האַנדווערקער. אין נאָר.-גוב. אין 1897 יאָהר האָבען די אידישע האַנדווערקער געבילדעט אין די שטעדט 80,1% פון אַלע האַנדווערקער און אין אויעזד נור 50% *), ד. ה. אין די דערפער און קליינע שטעדטלעך, וואו מען אַרבייט פאַסט בלויז אויף פערזענליכע בעשטעלונגען, קאָנקורירט מיט איין ערפאָלג דער ניט-אידישער האַנדווערקער; אין די שטעדט אָבער, וואו די האַנדווערקשאַפט האָט זיך אין אַ געוויסער מאָס בעפרייט פון פערזענליכע בעשטעלונגען זענען די ניט-אידישע האַנדווערקער ניט אימשטאַנד צו קאָנקורירען מיט די אידישע און די אידען בילדען 80% פון אַלע האַנדווערקער.

אַזוי שטרעבט די אידישע מאַסע צו דער קאַפּיטאַליזירטער האַנדווערקשאַפט און זייער אַנטייל אין איהר ווערט וואָס ווייטער אַלץ שטייגען.

אויך אין דער פאַבריק-אינדוסטריע וועט מוזען וואַקסען דער אַנטייל פון די אידישע מאַסען, ווייל פאַבריק-אינדוסטריע איז נאָך ווייניגער אָבהענגיג פונ'ם אָרטיגען מאַרק און פערזענליכע בעשטעלונגען. די פעסימיסטישע שטימונג פון פילע, וואָס אַנבעלאַנגט צו דער צוקונפט פונ'ם אידישען אַנטייל אין פאַבריק-אינדוסטריע, גרינדעט זיך אויף אַ פאַלשער מיינונג, דאָס די אידען וועלען ניט קענען קאָנקורירען אין דער ניט קוואַליפיצירטער אַרבייט מיט די פויערים, וועלכע זענען פיזיש שטאַרקער פון זיי און בעזיצען אַ קלענערען מינימום בעדערפנישען. די אויספאָרשונג פון „יק"אַ" האָט בעוויזען אַז גראַדע אין דער ניט-קוואַליפיצירטער אַרבייט איז דער אַנטייל פון אידען גרויס. אויך דער לוין פון די ניט-אידישע אַרבייטער איז אין דער פאַבריק אינדוסטריע פיעל העכער, ווי דער לוין פון די אידישע אַרבייטער, אַזוי אַז יעצט שפירען די ניט-אידישע אַרבייטער אַ קאָנקורענץ פון די אידישע.

אַלזאָ די טענדענץ פון דער ענטוויקלונג פון דער אידישער עקאָנאָמיע פיהרט צום וואוקס פונ'ם אידישען אַנטייל אין דער קאַפּיטאַליזירטער האַנדווערקשאַפט און פאַבריק-אינדוסטריע.

*) טאַבעל-בוך פון „יקאַ" ערשט. העפט, זייט 229

די בעפֿרײַטע קאַפּיטאַליזירטע האַנדװערקשאַפֿט און פֿאַבריק־אינדוסטריע, פֿון פֿערזענליכע בעשטעלונגען און אָרטיגען מאַרק, װאָס ס'איז שוין יעצט פֿערנומען דאָס מערהסט פֿון אידישען פֿאָלק און װאָס זײער אַנטײל װעט װײַטער שטײַגען, שאַפֿט אַ גינסטיגען באָדען פֿאַר דער אידישער שפּראַך. װי אין מיטעל־אַלטער, שאַפֿט אויך יעצט די אידישע מאַסע פֿאַר'ן ניט אידישען פֿערבּרויכער, אָבער יעצט פֿיהלט זיך שוין ניט די עקאָנאָמישע נויטװענדיגקײַט פֿערזענליך צוצופּאַסען זיך צו דער ניט־אידישער אומגעבונג מיט איהר ניט־אידישער שפּראַך. דער אידישער פּראָדוצירער שטעהט אין קײנע פֿערזענליכע בעציהונגען מיט'ן ניט־אידישען קאָנסומענט: צװישען זײ געפֿינט זיך אַ פֿערמיטלער. גאַנץ אָפֿט איז דער פּראָדוצירער אויך טעריטאָריעל אָבגעזאָנדערט פֿונ'ם פֿערבּרויכער. דער אידישער אַרבּײטער איז ניט נור עקאָנאָמיש ניט געצװאונגען צו פֿערשטעהן די שפּראַך פֿון זײַן פֿערבּרויכער, נאָר ס'איז זאָגאַר אוננוצליך.

די בײדע קלאַסען — פּראָדוצירער און פֿערבּרויכער — זענען אין יעצטיגער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג, קולטורעל גאַנץ אָבגעזונדערט אײנער פֿונ'ם אַנדערן, לעבען אין בעזונדערע נאַציאָנאַלע װעלטען, קענען אַלזאָ בעזיצען בעזונדערע נאַציאָנאַלע שפּראַכען.

דער ענטװיקלונג פֿון דער אידישער שפּראַך װעט אויך מיטהעלפֿען דאָס, װאָס די קאַפּיטאַליזירונג פֿון דער האַנדװערקשאַפֿט װי אויך די ענטװיקלונג פֿון דער פֿאַבריק־אינדוסטריע, טראָגט אין אַ געװיסער מאָס אַ נאַציאָנאַלען כאַראַקטער. די אויספֿאָרשונג פֿון „יקא" האָט פֿעסטגעשטעלט דעם נאַציאָנאַלען צוזאַמענבונד צװישען דער בורזשואַזיע און איהרע אַרבּײטער־מאַסען: פֿאַסט אַלע אידישע אַרבּײטער זענען פֿערנומען אין אידישע פֿאַבריקען. די צאָהל פֿון אידישע אַרבּײטער אויף די ניט־אידישע פֿאַבריקען איז אײן אונבעדײַטענדע. זײַענדיג מאַסענװײַז פֿערנומען אין די אידישע פֿאַבריקען און װערקשטאַטען, שאַפֿען די אידישע מאַסען אויך דאָ אַ נאַציאָנאַלע אַטמאָספֿערע, װאָס עס קומט זײ אויס צו פֿערבּרענגען די גאַנצע אַרבּײטס־צײַט.

די קאַפּיטאַליזירטע אידישע האַנדװערקשאַפֿט און פֿאַבריק־אינדוסטריע, שאַפֿט אַלזאָ פֿאַר די אידישע אַרבּײטער־מאַסען אַ זעלבּשטענדיגע בעװעגליכע טעריטאָריע, װאָס עס הערשט אונבעגרענצט זײער נאַציאָנאַלער הומאָר, זײער נאַציאָנאַלעס ליעד, זײער נאַציאָנאַלע שפּראַך.

דער װאוקס פֿון די אידישע נאַציאָנאַליזירטע מאַסען, װעט אין אַ געװיסער מאָס אויך נאַציאָנאַליזירען די אידישע קלײן־האַנדעלס־בורזשואַזיע. װאָס מעהר עס װעט װאַקסען די צאָהל פֿון די אידישע אַרבּײטער־מאַסען, אַלץ מעהר װעט װאַקסען זײער בעדײַטונג אַלס קאָנסומענטען. עס װעט אַלזאָ בעשאַפֿען

ווערן אַ אידישער נאַציאָנאַלער מאַרק מיט אַנ'אידישער שפּראַך, צו וועלכען עס וועט זיך מוזען צופּאַסען די אידישע האַנדעלס-בּורזשואַזיע.

עס איז וואָהר, נאָך פיעל צייט וועט דורכגעהן בּיז וואַנען די פערהעלטניסע צווישען די פּראָדוצירענדע און פערמיטלער קלאַסען בּיי אידען וועלען ווערן נאָרמאַל און די אידישע האַנדעלס-בּורזשואַזיע וועט זיך קענען ערנעהרען פון איהר אייגענע נאַציאָנאַלע קלאַסען און ניט אַבּהענגיג זיין פון'ם ניט-אידישען מאַרק, אָבער שוין יעצט בּעקומט בּיי איהר די אידישע שפּראַך אַ האַנדעלס-ווערט און דאָס וועט איהר געוויס אָבּהאַלטען פון אַ פאָלקאָמענער שפּראַך-אַסימילאַציע מיט דער אומגיבּענדער בּעפעלקערונג און צוציהען צו דער אידישער שפּראַך.

---

II.

# די אינטעליגענץ און די אידישע שפּראַך.

ווי גרויס ס'זאָל ניט זיין די ראָלע פון די אַרבּייטער-מאַסען אין דער ענטוויקלונג פון דער שפּראַך, אָבער דאָך איז זייער קראַפט מעהר איין אויפבּעוואַהרענדע. עס איז ניט צו גלויבּען אַז אָהן דער הילף פון די העבּערע קלאַסען אין אַלגעמיין און דער אינטעליגענץ בּעזונדערס, זאָל אידיש זיך קענען אויפהויבּען פון אַ פאָלקס-שפּראַך צו דער שטופע פון אַ נאַציאָ-נאַלער שפּראַך, וואָס זאָל קענען אַרומנעמען אונזער גאַנצען קולטורעלען שאַפונגס-פּראָצעס, אין וועלכער עס זאָלען זיך קענען פערקערפּערן אונזערע נאַ--אָנאַלע ניטער. אויבּ די איינציגע וואָס וועלען בּלייבּען בּיי דער אידישער שפּראַך אויך אין צוקונפט וועלען זיין די אידישע מאַסען, אויבּ די אידישע אינטעליגענץ וועט זיך, ווי בּיז יעצט, אויך אין צוקונפט פערהאַלטען פיינדליך, און אינ'ם בּעסטען פאַל גלייכגילטיג, צו דער אידישער שפּראַך און וועלן פאָרטזעצען זייער קולטורעלע שאַפונג אין אַנדערע שפּראַכען, וועט דאָס געוויס זעהר פערשווערן, און פיליייכט מאַכען פאָלקאָם אונמעגליך, די ווייטערדיגע ענטוויקלונג פון דער אידישער שפּראַך. צו ניט ענטוויקעלט איז אין די אַרבּייטער מאַסען דאָס עסטעטישע געפיהל, זי זעלבּסט זאָל קענען ווייטער ענטוויקלען די אייגענאַרטיגקייט און שענהייט פון דער אידישער שפּראַך; צו קליין זענען איהרע שעפּפערישע קרעפטען זי זעלבּסט זאָל קענען שאַפען נייע פּאַסענדע פאָרמען פאַר איהרע ניי-ערוואָרבּענע בּעגריפען. יעדע בּעוועגונג געהט אין ריכטונג פון קלענסטען ווידערשטאַנד, און אַנשטאַט צו שאַפען נייע פּאַסענדע פאָרמען, וועט דער מאַסע פיעל לייכטער זיין

איבערטראָגען זײַ פון אַרומיגע סלאַווישע שפראַכען, אָהן דער נויטיגער צופּאַסונג, אָהן דער לינגוויסטישער און גײַסטליכער געראַמאַנישער צוזאַמענגיסונג מיט דער אידישער שפראַך און וועלן אויף אַזאַ אַרט פערדאַרבען די אידישע שפראַך און פערוואַנדלען איהר אין אַ זשאַרגאָן שבזשאַרגאָן.

די בעציהונג פון דער אינטעליגענץ צו דער אידישער שפראַך איז פאַר אונז וויכטיג אויך דערפאַר, ווײַל די אינטעליגענץ איז בײַ אידען, ווי בײַ אַלע אַנדערע פעלקער, די גײַסטיגע אַריסטאָקראַטיע, וי איז דאָס סאָציאַל־נאַציאָנאַלע לאַבאָראַטאָריום, וואו עס ווערען אויסגעאַרבײַט אַלע סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע אידעאַלען.

ווי אין דער מדבר צום נחש־הזהב, זענען געווענדעט די אויגען פונ'ם גאַנצען פאָלק צו זײַן אינטעליגענץ, דאָס פאָלק הערט זיך צו צו איהר וואָרט, אין אַלעם דיענט זי איהם אַלס אַ מוסטער.

זעלבסטפערשטענדליך וועט די שטימונג, וואָס הערשט בײַ דער אינטעליגענץ צו דער אידישער שפראַך, זיך אויך איבערגעבען די אידישע מאַסען, און אויב די שטימונג וועט זײַן אַ פײַנדליכע אין אפילו נור אַ גלײַכגילטיגע, וועט דאָס אין אַ געוויסער מאָס אָבשוואַכען בײַ'ם פאָלק דאָס געפיהל פון אַכטונג, ליעבע און הײַליגקײַט צו דער אידישער שפראַך, וואָס איז געוויס ניט וואונשבאַר און זאָגאַר שעדליך פאַר דער ענטוויקלונג פון דער אידישער שפראַך.

אַלזאָ, אום גענוי פעסטצושטעלען דעם שיקזאַל פון דער ווײַטערדיגער ענטוויקלונג פון דער אידישער שפראַך, מוז מען פאָראויס אַנאַליזירען די בעציהונג צו איהר פון די העכערע קלאַסען און דער אינטעליגענץ, אין געגענוואַרט און אין צוקונפט.

בײַ הײַנטיגען טאָג איז פּאַסט דאָס מעהרסט אידישע אינטעליגענץ אין גאַנצען אַסימילירט און האָט זיך ערוואָרבען נײַע מוטער־שפראַכען. אויך דער איבריגער טײַל געהט מיט ריזען־טריט צו דער שפראַך־אַסימילאַציע. עס איז וואַהר, די לעצטע צײַט בעמערקט זיך אַ גײַסטיגע נאַציאָנאַלע בעוועגונג צווישען דער אידישער אינטעליגענץ, אָבער ביז יעצט האָט די בעוועגונג ניט בעריהרט איהרע ברײַטע שיכטען, דאָס מעהרסט אידישע אינטעליגענץ איז געבליבען אויסער דער בעוועגונג און שטרעבט ווי פריהער צו אַסימילאַציע.

צווײַ פאָלגענדע אורזאַכען רופען אַרויס בײַ דער אידישער אינטעליגענץ די אַסימילאַטאָרישע נײַגונג: 1) דאָס ניט־קענען זיך ערנעהרען פון די אײַגענע נאַציאָנאַלע מאַסען און 2) דער מאַנגעל אין אינטעלעקטועלע קרעפטען וואָס האָט

זיך געשפּירט ביז יעצט אין דער ניט־אידישער וועלט און וואָס האָט געשאַפען די מעגליכקייט דער אידישער אינטעליגענץ זיך איינצואָרדנען אין אַ פרעמ־דער, ניט־אידישער אומגעבונג.

דאָס אידישע פאָלק טיילט אויס פון זיך אַ פיעל גרעסערע אינטעליגענץ, ווי עס פאָדערן זיינע קולטורעלע בעדערפנישען. דערפאַר קען דאָס אידישע פאָלק זעלבסט ניט ערנעהרען זיין אינטעליגענץ. און זי מוז זוכען ביי אַנדערע אַ פעלד פאַר איהר אינטעלעקטועלער טעטיגקייט. דאָס איז אָבער פאַסט אַ עבּיגע קרענק. אַלע ציוויליזירטע פעלקער גיבען אַ גרויסע אינ־טעליגענץ און ביי פיעל בעמערקט זיך זאָגאַר אַן איבערפלוס פון אינטעליגענץ (אינ'ם פראָפעסיאָנעלען זין).

פיעל גרעסער מוז אָבער זיין די אינטעליגענץ־איבערפליסונג ביי די אידען, ווייל די אינטעליגענץ בילדעט אויס פון זיך איבערהויפּט די שטאָדטישע בעפעלקערונג און די אידען זענען אַ שטאָדטישע פאָלק par exce-lence. און די אינטעליגענץ־איבערפליסונג איז ביי אידען אַזוי גרויס, אַז דאָס מעהרסט איז געצוואונגען זיך צו ערנעהרען פון פרעמדע נאַציאָנאַלע קערפּער און נור אַ קליינע טייל פון איהר קאָן האָפען צו בלייבען אויפ'ן אידישען נאַציאָנאַלען באָדען, ווען ביי אַלע אַנדערע פעלקער ביי'ם גרעסטען איבערפלוס בלייבט דאָך דאָס מעהרסט אינטעליגענץ אויף איהר אייגענעם נאַציאָנאַלען פעלד.

די עקאָנאָמישע נויטווענדיגקייט און מעגליכקייט איינצואָרדנען זיך אין דער ניט־אידישער אומגעבונג צווינגט די אידישע אינטעליגענץ זיך צו דענאַציאָנאַליזירען. און אָבשפּיגלענדיג זיך אין איהר קלאַסען־פּסיכאָלאָ־גיע, וואו אַלץ ווערט פערוואַנדעלט אין איין אילוזיע פון פרייען ווילען, מוז די דאָזיגע נויטווענדיגקייט שאַפען אַ טעאָריע, וואָס זאָל בערעכטיגען איהר דענאַציאָנאַליזאַציע, בעפּוצען איהר מיט'ן גלאַנץ פון אידעאַל.

און ווייל די אידישע אינטעליגענץ קען נאַציאָנאַל ניט עקזיסטירען, פערליִרט ביי איהר די נאַציאָנאַלע צוטיילונג פון איהר מענשענהייט איהר Saison d'odre, קען ניט דערווייזען די צוועקמעסיגקייט פון דער עקזיס־טענץ און מוז אַלזאָ פערלאָרען געהן אינ'ם נאָמען פון דער אַלמענשהייט.

אַזוי ווערט געבוירען ביי דער אידישער אינטעליגענץ די קאָסמאָ־פּאָליטישע טעאָריע.

איינס אָבער אונטערשיידעט דעם אידישען קאָסמאָפּאָליטיזם פונ'ם ניט־אידישען. דער ניט־אידישער קאָסמאָפּאָליט טרוימט אויך פון אַלמענש־הייט, נור ער טרוימט נור דאַן ווען די אידעאַלען, צו וועלכע ער שטרעבט, זענען נאָך אין ווייטען נעבעל פערזונקען, ווען זיי לעבען נאָך איבערהויפּט ■ר אין זיינע געדאַנקען און האָבען ניט ניט קיין גוף ניט קיין דמות הגוף.

זעלבסטפערשטענדליך אַז אין דעם פּעריאָד קען ער ניט דענקען זיינע אידעאַלען אין נאַציאָנאַלע פאָרמען. דער ניט-אידישער קאָסמאָפּאָליט איז קאָסמאָפּאָליטיש דערפאַר, ווייל זיינע אידעאַלען האָבען נאָך ניט דערגרייכט די נאַציאָנאַלע שטופע. דערום פערורטיילט דער ניט-אידישער קאָסמאָפּאָליט אין אַ גלייכער מאָס אַלע נאַציאָנען אָהן שום אויסנאַהמע.

דאַגעגען דער אידישער קאָסמאָפּאָליטיזם שטאַמט אויס דער אונצופריעדענהייט פון דער אידישער אינטעליגענץ מיט דער אידישער נאַציאָן. אָבער קוים בעקומט דער אידישער אינטעליגענט די מעגליכקייט זיך איינצואָרדנען אין אַ ניט-אידישער נאַציאָנאַלער אומגעבונג, אַזוי ווערט פערשוואונדען די אורזאַך פון זיין קאָסמאָפּאָליטיזם, פון זיין אונצופריעדענהייט מיט דער נאַציאָנאַלער צוטהיילונג פון דער מענשהייט. דער אידישער אינטעליגענט ווערט נאַציאָנאַל, אָנגעמענדיג אומעטום דאָס נאַציאָנאַלע געשטאַלט פון דער אומגעבונג, אין וועלכער ער לעבט: אין דייטשלאַנד ווערט ער אַ דייטש, אין פּוילען — אַ פּאָליאַק און אין רוסלאַנד אַ רוס; אין בעסטען פאַל לאָזט ער איבער דעם עפּיטעט „פון משה'ס גלויבען". דערפאַר, ויאָס אַנבעלאַנגט צום אידישען פאָלק, וואָס האָט איהם געבוירען און קען איהם ניט ערנעהרען, בלייבט ער שטענדיג פיינדליך, אַנטי-נאַציאָנאַל. דער אידישער אינטעליגענט—טעאָרעטישער קאָסמאָפּאָליט און פּראַקטישער נאַציאָנאַליסט פון ניט-אידישע נאַציאָנען — טרעט אָפּט אַרויס אַלס אַ פערביסענסטער געגנער פון דער ענטוויקלונג פון זיין אייגענער נאַציאָנאַלער קולטור, פון דער אידישער שפּראַך, איין ערשיינונג, וואָס וויים קיין גלייכען אין דער געשיכטע פון אַנדערע פעלקער.

אַזאַ פּסיכאָלאָגישע ערשיינונג קאָן עקזיסטירען נור ביז דאַן, ווען די גרויסע בעפעלקערונג געפינט זיך אויף אַ נידריגע שטופע פון ענטוויקלונג, ביז וואַנען אין דער גרויסער סאָציאַלער אומגעבונג פיהלט זיך אַ מאַנגעל אין אינטעלעקטועלע קרעפטען, דאַן זענען די אידען די געוואונשענסטע געסט אין דער ניט-אידישער וועלט, מען נעהמט זיי זעהר גאַסטפריינדליך אויף, מיט זיי איז צופריעדען די גאַנצע ניט-אידישע געזעלשאַפט, אויסער פיעלייכט אַ הייפעלע רעאַקציאָנערען, פאַר וועמען יעדער וואוקס פון אינטעלעקטועלע קרעפטען איז אַ שטערבליכער גיפט.

דער אידישער אינטעליגענט הויבט אָן ווירקליך גלויבען, אַז ער האָט געפינען אין דער ניט-אידישער וועלט אַ צערטליכע מוטער-ברוסט, וואָס וועט איהם אַנשטענדיג ערנעהרען, ער הויבט אָן טרוימען וועגען אַ ברי-דערליכע צוזאַמענגיסונג מיט דער גרויסער ניט אידישער וועלט, און וואָס מעהר ער טרוימט פון דער גרויסער ליבטיגער ניט-אידישער וועלט,

אַלץ מעהר אײַנאַנגענעהם װערט איהם די ענגע אידישע נאָס, פֿון װעלכער ער שטרעבט מיט אַלע זײַנע קרעפֿטען זיך אַרױסצורײַסען.

דאָס בילד ענדערט זיך אָבער װען בײַ דער ניט־אידישער בעפֿעלקערונג בילדעט זיך אױס אײן אײגענע גענוגענדע אינטעליגענץ. די נאַציאָנאַלע אינטעליגענץ קען גלײַכגילטיג ניט צוזעהן, װי איהר נאַציאָן ערנעהרט אַ פֿרעמדע אינטעליגענץ, װען זי זעלבסט בלײַבט אױסען. אונטער דער מאַסקע פֿון אַלערלײַ הױכע אידעאַלען (װי עס פּאַסט פֿאַר אינטעליגענטען) מוז די ניט־אידישע אינטעליגענץ אָנהױבען אַ קאַמפּף געגען דער אידישער קאָנקורענץ.

און אין אַ קאַמפּף זענען אַלע מיטלען כשר. ניט קענענדיג בעקװעמען די אידישע אינטעליגענץ מיט פֿערזענליכע פֿעהיגקײַטען, װעט די ניט־אידישע אינטעליגענץ — זאָגאַר די ראַדיקאַלע — זיך ניט אָבזאָגען אױסצונוצען אינ'ם קאַמפּף פֿאַר איהר עקזיסטענץ, דעם נאַציאָנאַל קולטורעלען אָבגרונד. װאָס טײַלט אָב דעם אידישען אינטעליגענט פֿון די ניט־אידישע מאַסען, דער לאָזונג: „היט זיך! דער איד געהט, ער װעט אַלץ פֿערדאַרבען!“ װעט געפֿינען אײן אָבקלאַנג זאָגאַר בײַ ליבעראַלע עלעמענטען.

מערקװירדיג איז, אין דער הינזיכט, די פּאָלעמיק װעגען דער נאַציאָנאַל־פֿראַגע, מיט װעלכער ס'איז ערשט ניט לאַנג געװען איבערפֿולט די רוסישע פּרעסע. ערשט מיט 10—15 יאָהר צוריק, װאָלט קײן אײנציגער ליבעראַל זיך ניט װאַגען צו שטעלען די פֿראַגע װעגען דער שעדליכקײַט פֿונ'ם אידישען אינטעליגענט אין דער רוסישער ליטעראַטור. יעצט... נײַע צײַטען נײַע לידער — יעצט האָט זאָגאַר דער ראַדיקאַל פּאַסע נעפֿונען פֿאַר מעגליך אױסצודריקען זײַן אונצופֿריעדענהײַט מיט דעם גרױסען אידישען אַנטײל אין דער רוסישער ליטעראַטור, אַנערקענענדיג, אַז אידען פֿערדאַרבען װירקליך די רוסישע שפּראַך און... קענען זיך ניט בענוצען ריכטיג מיט צװײ רוסישע צײַטװערטער: выйти и выступить (Sic!). נאָר דאָס זענען ערשט בלומעלעך, די פֿרוכטען זענען נאָך פֿאָראױס! װאָס מעהר עס װעט זיך ענטװיקלען די ניט־אידישע סאָציאַלע אומגעבונג, װאָס מעהר ס'װעלען װאַקסען איהרע אינטעלעקטועלע קרעפֿטען, אַלץ פֿערביסענער װעט װערען דער קאַמפּף געגען דער אידישער אינטעליגענץ אין דער ניט־אידישער װעלט.

װי אַזױ זשע װעט װירקען דער איבערנדערמאַהנטער קאַמפּף אױף דער אידישער אינטעליגענץ?

אין װעסט־אײראָפּאַ, װאו דער קאַמפּף געגען דער אידישער אינטעליגענץ האָט זיך שױן לאַנג אָנגעהױבען און װאו די אידען צוליעב זײער קלײנער צאָהל אין סאָציאַלען כאַראַקטער (אַ חוץ גאַליציען) קענען ניט

בילדען קיין בעדייטענדען פאַקטאָר פאַר די אידישע אינטעלעקטועלע קרעפטען, איז די לאַגע פון דער אידישער אינטעליגענץ געוואָרן אַזוי האָפנונגסלאָז, אַז פיעל פון איהר האָבען זיך בעשלאָסען אויף אַ געוואַלדיגען טהאַט — זיי זענען בעגאַנגען אַ נאַציאָנאַלען זעלבסטמאָרד. מאַסענווייז נעמט אָן די אידישע אינטעליגענץ אין אייראָפּאַ דאָס קריסטענטום, כדי צו פערניכטען דעם אַסימילאַציאָנס-פּראָצעס, די פאָלקאָמע נאַציאָנאַלע צו-זאַמענגיסונג מיט דער ניט-אידישער וועלט (ניט נור אין קולטורעלען נור אויך אין פיזישען זין פונ'ם וואָרט), און פערניכטענדיג אויף אַזאַ אַרט דעם נאַציאָנאַלען אָבגרונד צווישען איהר און די ניט-אידישע מאַסען, פערגלייכען די קאַמפּפס-בעדינגונגען מיט דער ניט-אידישער אינטעליגענץ.

אויך די איינצעלנע וואָס קענען ניט האַנדלען מיט גאָט, מיט זייער זעעל, די וואָס ווילען ניט פערקויפען זייער בכורה פאַר אַ טאָפּ לינזען, לעבען מיט אַ לעער הארץ, אָהן גלויבען אין אַ בעסערע צוקונפט. אָהן אַ פונק האָפנונג אויף נאַציאָנאַל-קולטורעלע זעלבסטשטענדיגקייט. זיי קוקען אויף זייער אידישקייט ווי אויף איין קין-צייכען צו זיין איביג הײמאַטלאָז, געיאָגט און געפּלאָגט. זיי רינגעלט אַרום אַ נאַציאָנאַלער תהו ובהו, איינזאַם פיהלען זיי זיך, אָבגעריסען פון דער גאַנצער וועלט, איינזאַם אָהן האָפנונגען, שטרעבונגען, אָהן בענקעניש.

אַנדערש אָבער וועט עס פאָרקומען אין רוסלאַנד (ווי אויך אין גאַ-ליציען). דאָ האָט זיך קאָנצענטרירט אַ גרויסע אידישע מאַסע, וואָס שאַפט אַ בעדייטענדען באָדען פאַר דער אידישער אינטעלעקטועלער קראַפט. עס איז וואָהר, די אידישע מאַסע, ווי מיר האָבען שוין פריהער געזאָגט, איז ניט אימשטאַנד צו ערנעהרען דאָס מעהרסט אידישע אינטעליגענץ, אָבער דאָך וועט אַ געוויסע טייל פון איהר זיך איינאָרדנען אויפ'ן אידישען פעלד, און וועט צוזאַמען מיט דער אידישער מאַסע ענטוויקלען די אידישע קולטור גלייכצייטיג מיט דער אידישער אינטעליגענץ אין דער ניט-אידישער אומ-געבונג, וואָס איז איינגענטליך אידיש נור לויט איהר שטאַם, אָבער ניט לויט איהר שאַפונג, וועט אין דער אידישער גאַס אויסוואַקסען איין ווירקליכע אידישע אינטעליגענץ, וואָס וועט לעבען, פיהלען און שאַפען אידיש, וואָס וועט ניט וויסען פונם צווייזייטיגען לאָזונג: היה יהודי בביתך ואדם בצאתך.

פאַר די אויגען פונ'ם געיאָגטען און געפּלאָגטען אידישען אינטעליגענט אין דער ניט-אידישער אומגעבונג וועט שטענדיג שטעהן די אידישע גאַס, וואו דער אידישער אינטעליגענט ווייס פון קיין קולטורעלען גלות, לעבט און שאַפט אין פאָלקאָמער האַרמאָניע מיט זיין נאַציאָנאַלען „איך", וואָס ווייסט ניט פון קיין נשמה-צושפּאַלטונג, וואָס רעדט וואָס דענקט און דענקט וואָס

רעדט. און טרויסטן וועט ער וועגן דער צײַט, וואָס איז נאָך ווײַט — נאָך גאַנץ ווײַט — אָבער דאָך אַמאָל קומען, ווען די פֿערהעלטניס צווישען די אידישע געזעלשאַפֿטליכע קלאַסען וועט ווערן נאָרמאַלער און דאָס אידישע פֿאָלק, ווי אַלע אַנדערע פֿעלקער, וועט קענען ערגענצען די אידישע אינטעליגענץ.

און האָפֿנונג וועט אויפֿבליהען אין זײַן האַרץ, האָפֿנונג אויף נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויסלעזונג, וואָס וועט הײַלען אויך זײַן נשמה־צושפּאַלטונג און וועט בעפֿרײַען אין איהם ניט נור דעם מענשען נאָר אויך דעם אידען. און גלויבען וועט ער און דער גלויבען וועט איהם געבען נאַציאָנאַלען מוטה איבערצוטראָגען מיט עכט־אידישען געדולד די נאַציאָנאַלע פֿערפֿאָלגונגען, בײַצושטעהן דעם נסיון און ניט נאָכצוטהון דעם בײַשפּיעל פֿון דער אידישער אינטעליגענץ אין וועסט־אייראָפּאַ.

דאָס מעהרסטע אידישע אינטעליגענץ וועט לעבען אין אַ ניט־אידישער אומגעבונג און פֿאַר איהר וועט זי שאַפֿען, אָבער איהר גײַסט וועט געהערען דעם אידישען פֿאָלק. און זײַענדיג דאָרט געיאָגט און געפּלאָגט, וועט זי אונאויפֿהערליך טרוימען וועגען דער זיסער רוהע אין דער אידישער גאַס.

יעצט וועט זי שוין ניט קענען זײַן אַנטי־נאַציאָנאַל, וואָס אַנבעלאַנגט צום אידישען פֿאָלק, ווײַל זי וועט זעהן בעשײַנפּערליך, אַז די אידישע אומגעבונג איז פֿאַר'ן אידישען אינטעליגענט דאָס איינציגע אָרט, וואו ער קען זיך פֿיהלען פֿאָלקאָם זיכער; אַז די ניט־אידישע וועלט איז ניט מעהר ווי אַ שטיפֿמוטער און נאָך אַ שלעכטע דערצו.

די אידישע אינטעליגענץ פֿון דער ניט־אידישער אומגעבונג וועט זיך אויך אומקעהרען צום אידישען פֿאָלק. זי וועט אָנהויבען מיטהעלפֿען, ווי ווײַט ס'וועט נאָר מעגליך זײַן, זײַענדיג אויסער דער אידישער גאַס, צו דער ענטוויקלונג פֿון דער אידישער קולטור, וועט אָנהויבען אַכטען די אידישע נאַציאָנאַלע אייגענאַרטיגקײַט, די אידישע שפּראַך.

די ענטוויקלונג פֿון דער ניט־אידישער אינטעליגענץ און דער קאַמפּף פֿאַר איהר עקזיסטענץ, וועט זעהר פֿיעל ווירקען אויף דעם נאַציאָנאַלען זירונגס־פּראָצעס פֿון דעם טהייל אידישען אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך אײַנגעאָרדענט אויפֿ'ן אידישען פֿעלד.

פֿיהרענדיג אַ קאַמפּף געגען דער אידישער אינטעליגענץ אויף איהר אייגענעם נאַציאָנאַלען באָדען, וועט די ניט־אידישע אינטעליגענץ גלײַכצײַטיג אויך שטרעבען צו ערקעמפּפֿען אַלע איבריגע נאַציאָנאַלע מערק און, זעלבסטפֿערשטענדליך, אויך דעם אידישען. די דאָזיגע שטרעבונג וועט זיך וואָס ווײַטער אַלץ מעהר פֿערשטאַרקען, ווײַל צוזאַמען מיט דער ענטוויקלונג פֿון דער ניט־אידישער וועלט וועט אויך וואַקסען איהר אינטעליגענץ

און ס'קען שוין פאראויסזעהן אז ניט ווייט איז די צייט, ווען דאס רוסישע פאלק, ווי אלע אנדערע ציוויליזירטע פעלקער, וועט נעבען א בעדייטענדען איבערפלוס פון אינטעליגענטע קרעפטען, וואס וועלען מוזען זוכען פאר זיך א'ארבייטס-פלאץ אויסער זייער אייגענער נאציאנאלער אומגעבונג.

ביז וואנען עס האט נאך עקזיסטירט א מעגליכקייט פאר דער אידישער אינטעליגענץ צו ארבייטען אויפ'ן ניט-אידישען פעלר, ביז וואנען דער אידישער אינטעליגענט איז דארט געווען א געוואונשענער גאסט, איז אויך די אידישע אינטעליגענץ פון דער אידישער נאס געוועזן אין א געוויסער מאס גלייכגילטיג צום שיקזאל פון דער אידישער שפראך און קולטור. געצווינגען האט צו זיך איהר אויפמערקזאמקייט די ניט-אידישע אומגעבונג מיט איהר אונבע-גרענצטקייט און זי זעלבסט האט נאך געטרוימט ארויסצורייסען זיך פון דער ענגער אידישער גאס אויף דעם ברייטען ניט-אידישען פעלד. זי איז געוועזן שטענדיג נאציאנאל אין איהר שאפונג, נאר איהר נאציאנאליזם איז געוועזן א געגנייטער; זי איז געוועזן נאציאנאל, ווייל נאציאנאל איז געוועזן די אומגעבונג אין וועלכע זי האט געלעבט און געשאפען, אבער איהר שטימונג איז געוועזן א קאסמאפאליטישע.

יעצט אבער ווען די ניט-אידישע אומגעבונג איז שוין אויך איבערפולט מיט אינטעלעקטועלע קרעפטען, ווען דער אידישער אינטעליגענט אין דער ניט-אידישער וועלט בּוז אויסשטעהן א שווערן נאציאנאלען קאמפף פאר זיין עקזיסטענץ, וועט די אידישע אינטעליגענץ אין דער אידישער גאס מוזען ווארפען די טרוימען וועגען ברייטען ניט-אידישען פעלד און וועט געצוואונגען זיין צו קאנצענטרירען איהר גאנצע אויפמערקזאמקייט אויף דער אידישער גאס. די אנקומענדע בעוועגונג פון דער ניט-אידישער אינ-טעליגענץ וועט איהר עפנען די אויגען אויף דער ווירקליכקייט, זי וועט זיך איבערצייגען אז ביי דער ווייטערדיגער גלייכגילטיגער בעציהונג פון דער אידישער אינטעליגענץ צו דער אידישער גאס, ביי דער ענטוויקלונג פון דער אסימילאציע צווישען די אידישע מאסען, דראהט איהר די געפאהר ארויסגעשטופט צו ווערן, אין א מעהר אדער ווייניגער מאס, אויך פון דער אידישער גאס.

די אידישע אינטעליגענץ וועט ערוואכען צום קאמפף פאר איהר עקזיסטענץ, צו פערטיידיגען איהר נאציאנאלען מארק פון פרעמדע קאנ-קורענטען. זי וועט זיך פאלקאם צוזאמענגיסען מיט דער אידישער מאסע, אום צו קענען אויסנוצען די נאציאנאלע איינהייט צווישען איהר און די אידישע מאסען אלס א מיטעל צו בעזיעגען די נים-אידישע קאנקורענטען. זי וועט זיך נים נור נאציאנאליזירען, זי וועט זאגאר ווערן שאוויניסטיש געזאגען.

זי איז שוין יעצט עקאָנאָמיש פעראינטערעסירט אין דער ענטוויקלונג פון דער אידישער קולטור מיט איהר נאַציאָנאַלער איינגענאַרטיגקייט, איהר איז שוין יעצט עקאָנאָמיש נוצליך, אַז די אידישע מאַסען זאָלען בעזיצען אַ בעזונדערע אידישע שפּראַך. ביז וואַנען די אידישע מאַסע וועט רעדען אויף אַ שפּראַך, וואָס איז אונפערשטענדליך דעם ניט-אידישען דאָקטאָר, יוריסטען און אַ. וו. זענען די לעצטע גאַנץ אונגעפעהרליך אַלס קאָנקורענטען אויף דער אידישער גאַס. דאָס גיט די מעגליכקייט דער אידישער אינטעליגענץ פאָלקאָם צו הערשען אויפ'ן אידישען מאַרק, און גאַנצען צו איזאָלירען די ניט-אידישע אינטעליגענץ פון דער אידישער אוסגעבונג. זעלבסטפערשטענדליך, אַז די אידישע אינטעליגענץ וועט ניט דורכלאָזען אַזאַ גינסטיגען מיטעל און וועט זיך מיט איהם געוויס בענוצען אינ'ם קאַמפּף מיט דער ניט-אידישער אינטעליגענץ. די אידישע אינטעליגענץ וועט אָנהויבען רעדען מאַמע-לשון, און ניט נור רעדען, זי וועט ווערן די הייסעסטע אַנהענגערין פון דער אידישער שפּראַך, איהרע טרייעסטע פּריסטער.

אין עסטרייך, וואו די ניט-אידישע בעפעלקערונג (איבערהויפּט די דייטשען) גיט אַ גרויסע אינטעליגענץ, וואָס פיהרט אַ פערביסענעם קאַמפּף געגען דער אידישער אין דער ניט-אידישער אומגעבונג און גלייכצייטיג שטרעבט זי צו ערקעמפּפען דעם אידישען מאַרק אין גאַליציען און בוקאָווינע, וואו עס האָט זיך קאָנצענטרירט אַ גרויסע אידישע מאַסע, האָט שוין יעצט אָנגעוועגדעט די אידישע אינטעליגענץ איהרע אַלע קרעפטען צו פערטיידיגען איהרע פּאָזיציעס אין דער אידישער גאַס, ניט לאָזען אַרייננדרינגען אַהין אַ פרעמדע אינטעליגענץ. זי האָט זיך געווענדעט צו דער אידישער שפּראַך, ווי צו אַ קאַמפּף-מיטעל צו בעזיעגען די ניט-אידישע קאָנקורענטען. די אידישע אינטעליגענץ האָט אויפגעהויבען די אידישע שפּראַך אויף דער שטופע פון אַ קולט. זי האָט אויך אָנגעהויבען קעמפּפען פאַר דער פּאָליטישער אַנערקענונג פון דער אידישער שפּראַך און האָבען שוין דערגרייכט אַ טייל-ווייזען ערפאָלג (אין איינינע עסטרייכישע אוניווערסיטעטען האָט מען אַנערקענט די אידישע סטודענטען אַלס אַ בעזונדערע גרופּע לויט זייער שפּראַך ביז יעצט האָבען זיי זיך געמוזט פערשרייבען אַלס דייטשען, טשעכען און אַ. וו.)

אין רוסלאַנד, וואו די ניט-אידישע אינטעליגענץ איז נאָך אין פערגלייך קליין און דער קאַמפּף געגען דער אידישער אינטעליגענץ, זאָגאַר אין דער ניט-אידישער אומגעבונג, הויבט זיך ערשט יעצט אָן, זענען נאָך די פּאָזיציעס פון דער אידישער אינטעליגענץ אין דער אידישער גאַס גאַנץ זיכער און פעסט זענען נאָך ביי איהר ניט פערשוואונדען די טרוימען פונ'ם ברייטען ניט-אידישען פעלד; דערפאַר איז די אידישע אינטעליגענץ

אויך אין דער אידישער גאס גלייכגילטיג צו דער אידישער שפראך און קולטור. אבער נים לאנג וועט דאס דויערן. די ענטוויקלונג פון דער ניט-אידישער אינטעליגענץ וועט אויך דא אין רוסלאנד צווינגען די אידישע אינטעליגענץ צו זיין אויפמערקזאמער צום שיקזאל פון דער אידישער גאס מיט איהר קולטור און שפראך; זי וועט זיך איבערצייגען, אז די אידישע אומגעבונג איז דער איינציגער באדען, וואו די אידישע אינטעליגענץ קען זיך פיהלען זיכער נור דאן, ווען די אידישע מאסע וועט פערהיטען איהר נאציאנאלע איינענארטיגקייט, איהר שפראך, דאס די שפראך-אסימילאציע ניט די מעגליכקייט דער ניט-אידישער אינטעליגענץ איבערצוטראגען די קאנקורענץ געגען דער אידישער, אויך אין דער אידישער גאס. ס'איז אלזא ניט ווייט שוין די צייט, ווען צווישען דער רוסיש-אידישער אינטעליגענץ וועט זיך אנהויבען א שפראך-בעוועגונג ווי אין עסטרייך. ווען אויך אונזער אינטעליגענץ וועט אויפהויבען די אידישע שפראך אויף דער שטופע פון א קולט, אין ווערן איהרע פריסטער.

און אויב א טייל פון דער אידישער אינטעליגענץ, ניט קענענדיג זיך איינארדנען אויפ'ן אידישען באדען און זייענדיג געיאגט און געפלאגט אין דער ניט-אידישער וועלט, וועט זיך אויס פערצווייפלונג אין גאנצען אברייסען פינ'ם אידישען שטאם, וועט דאך דער גרעסטער טייל אידישער אינטעליגענץ, ווי אין דער אידישער אזוי אויך אין דער ניט-אידישער וועלט, בלייבען טריי אונז, אונזער קולטור און אונזער שפראך.

אין דער אידישער אומגעבונג וועט די אידישע אינטעליגענץ אנהויבען שאפען אין דער אידישער שפראך. אידיש וועט אלזא ווערן אונזער נאציאנאל-שפראך, זי וועט ארומנעמען אונזער גאנצע גייסטיגע שאפונג, אין איהר וועט זיך פערקערפערן אונזער נאציאנאלער געדאנק, אונזערע נאציאנאלע גיטער.

כ. רובשטיין.



# משה זינגער !

1

ביידע שטעהען פאר׳ן טויער ,
ביידע זענען יונג און נעט ;
נור איז איינע — א שאטענקע ,
און די צווייטע — איז בראָנעט .

ביידע האָבען זיך פערדונגען ,
ביידע דיענען איין מאדאם ;
נור די ערשטע איז א קעכין ,
און די צווייטע איז אנ׳אם . . .

ביידע קומען פון איין שטעדטעל , —
אוי , עס איז פון גאָט א שטראָף ! —
נור די איינע שטאמט פון שוסטערס ,
און די צווייטע פון א רב .

ביידע ווייסען זייער יונגענד ,
ביידע קענען זיך שוין לאנג ; —
נור די איינע איז צופרידען ,
און דער צווייטער טהוט עס באנג . . .

ביידע שטעהען פאר׳ן טויער ,
ביידע זענען יונג און נעט ;
נור די איינע — צו דער חופה ,
און די צווייטע ווי צום גט . . .

## 2.

די שאַטענקע איז געקומען
פונ׳ם שטעדטעל ערשט די וואָך,
זיך פערדונגען פאַר א קעכין,
און זי נעהמט פאַר ליעב דעם יאָך.

געגעניבער ביי דעם חזן
וואוינט א שענער יונגערמאַן, —
אוי, ווי וואָלט זי איהם גענומען,
נור זי קען ניט, אָהן נדן . . .

יערען מאָרגען, ווען זי עפענט
אין דער קיך דאָס פענסטער אויף, —
שענקט ער איהר א זיסען שמייכעל,
נור זי ענטפערט ניט דערויף . . .

עפּעס קענטיג איז זיין פנים,
ערגעץ האָט זי איהם געזעהן:
— זאָל עס זיין דער משה זינגער?
אויסגעפּראַנט זיך אַזוי שען? . . .

וואָלט זי איהם פון נאָהנט בעגעגענט —
אפשר וואָלט זי איהם דערקענט . . .
אינ׳ם שטעדטעל האָט ער שטענדיג
איהר די אויגען צוגעוועגדט . . .

---

## 3.

די בראָנעטע איז אַנטלאָפען
פונ׳ם שטעדטעל שוין א יאָהר,
מיט א וועהטאָג אינ׳ם הארצען, —
ז׳האָט׳ס נאָך ניט געוויזס אויף קלאָר.

עפּעס זענען איהר געוואָרען
איהרע קליידער אַזוי אייננ, —
משה זינגער איז ענטקומען,
זי געלאָזען מיט דער קרענק . .

אוי ווי האָט זי זיך געמאַטערט,
ביז זי איז׳ט געוואָרען לויז . . .
קוים א יאָהר א האלב אריבער,
ווי זי דינעט דאָ אין דעם הויז .

נור צו ציימען הערט זי עפּעס
פון אנטקעגען דאָ א קול;
א בעקאַנטער איז דער ניגון,
איהם געהערען מוז דאָס מיל !

וואָלט זי איהם פון נאָהנט געטראָפען,
ווייזען וואָלט זי איהם אַצינד, —
זאָל ער זי צו נאַר ניט מאַכען,
ז׳איז שוין מעהרער ניט קיין קינד ! . .

---

4.

ביידע וואַרטען פאַר׳ן טויער,
ביידע זענען יונג און נעט;
נור די איינע פיהלט איהר צניעות,
און די צווייטע פיהלט איהר חטא . . .

נעגענאיבער, ביי זיין פענסטער,
שטעהט דער יונגערמאַן און קוקט,
ווי זיי וואַרטען אויף איהם ביידע, —
און ער פיהלט זיך טיעף געדריקט .

זײַ בענעגנען זײַנע בליקען
אוּן דערקאָנען זײַן געשטאַלט;
—„משה זינגער !״ — „משה זינגער !״ —
האָט עס אין דער נאַס געשאַלט.

בײַדע אײַלען אינ׳ם טױער,
בײַדע װענען יונג אוּן נעט;
ער די אײַנע װי אַ מלאך,
אוּן די צװײַטע װי אַ שד.



## אַ טאָג־בּיכעל פון אַ פּערפיהרער.

סוף מערץ.

וואָס איז דאָס? וויפיעל מאָל איך לייען, אַז אַ יונגען מענשען נימט זיך זיין ליעבע נישט איין; אַז אַ יונגע״ מאַן מאַכט אַ פאָרשלאַג און דער צווייטער צד, די זי, מיט אַ גלייכגילטיגען און קאַלטען שמייכעל שטויסט איהם אָב, און זיין ציטערדיגע האַנד בלייבט אין דער לופטען נאַריש און קאַלט הענגען; — פאַרוואָס גלויבט זיך מיר דאָס קיינמאָל נישט? איך טראַכט מיר כסדר: אַך, טויגעניכטסען, וואוהין שטופט איהר זיך? איהר וועט דאָך גאָרנישט מאַכען.

און, באמת, וויפיעל מאָל איך בין יאָס „מין" בײַגעווען און קיין איין מאָל, קיין איין־און־איינציג מאָל נישט אָהן ערפאָלג. און נאָך וואָס פאַר ערפאָלג: געקומען, אַ קוק געטהון — איינגענומען. כ׳האָב פיינט אַ סך שהיות מאַכען: עטליכע וויילע, שמייכלענדיגע און צוואָגענדיגע ווינקען, אַ פּאָר פערשעמטע, פערשטעלטע ליעבע־שמייכלען, אַ דריק די האַנד עטוואָס שטאַרקער, ווי געוועהנליך, — פערטשעפּעט...

אַזוי איז כסדר, אַזוי וועט, אויפ׳ן שטייגער, זיין אויך דאָס מאָל...

אָנהויב אפּריל.

כ׳האָב אין אָנהויב ווינטער נאָך זיך מיט איהר בּעקענט, נור מאַלע־וואָס מען בעקענט זיך. איך האָב זי גאָר דאַן נישט בעמערקט (ס׳טהוט מיר טאַקי באַנג); ערשט די לעצטע צייט האָב איך זיך מיט איהר נעהנטער בעקענט און — דערזעהן: וואָר פאַר אַ שענהייט! וואָס פאַר אַן׳איידעלע, ווייסע און זויבערע הויט אויף איהר!.. זי מוז ביי איידעלע עלטערן איינ־שטעהן און צו אַ אַנשטענדיגער און יחוס־פאַמיליע געהערען. מען זעהט: עפּעס נישט קיין געוועהנליכס — ריין און איידעל. זי דאַרף נאָך דערצו אַ בת־זקונים׳ל זיין (אַזוי וויל איך...) אַך, וואָסערע ווייכקייט און בויגינקייט פון אַ קערפּער, און ווי יונג־שטאָלץ און זאַפטיג־שטייף ער איז! ס׳איז קיין קערפּער — ס׳אַ פידעל!

כ׳האָב דעם ערשטען מאַניעוויער געמאַכט: כ׳האָב זיך שמײַכלענדיג און ליעב מיט איהרע אויגען בעגעגענט. וויפיעל כשר׳ע און רײַנע בלוי־קײַט איז אין זײַ פאַרהאַן, וויפיעל קינדערשעם נישט־וויסען, גאַנצקײַט און כשרות!.. העמטעלעך בײַ איהר — אין זײַ אַלײַן צו פערליעבען זיך: אַזוינע חײַסינקע און זויבערע; פינגערלעך — נאָר אויף האַרפעס ערצוינגען, — און, איבער אַלץ, יונג... אַך, ווי יונג זי איז!.. אויף מײַן וואָרט, כ׳וואָלט נאָך הײַנט איהרע העמטלעך געקושט, ווען נישט איהרע חבר׳טעס, וואָס זענען מיט איהר געווען און מיר געשטערט... טאָמער ווײַסטו וואָס פאַר אַ רוח דאַרף זײַ?...

10-טען אַפּריל.

זי וואוינט טאַקי נעבען מיר — גוט! זי איז פרײַ: מען לאָזט זי נעהן, האוהין זי וויל, מען קוקט איהר נישט נאָך — בעסער! כ׳האָב איהר פאָרגעלעגט צו מיר אַרײַנקומען, ווען נאָר ס׳וועט זיך איהר פערגלוסטען. זי האָט צוגעזאָגט... בשעת־מעשה, דאַכט מיר, אַ ביסעלע רויט געוואָרען — פון אַלע אַנטיקען: ס׳געהט!..

11-טען אַפּריל.

ליובינקע מײַנע! פאַרוואָס קומסטו נישט? איך גאַר זיך דיך אַזוי צו זעהן... דיך אַרומנעהמען, און די ליפּלעך דײַנע קושען, קושען...

12-טען אַפּריל.

פאַרוואָס קומסטו נישט? איך געה אויס... מײַן טײַערע! איך קוש דײַן געשטאַלט אין מײַן פאַנטאַזיע אפילו.

13-טען אַפּריל.

הײַנט געווען. זי וועט אויך מאָרגען זײַן. איך האָב זי געבעטען און זי האָט מיר צוגעזאָגט עפּעס אין אַנדענקען צו ברײַנגען.

זי האָט איהר האַנד אויפ׳ן טיש אַרויפגעלעגט און געהאַלטען. ס׳האָט זיך מיר אין די אויגען עפּעס בלאָה׳ס געוואָרפען. ס׳איז אַ בלוי פינגערל, טראָגט עס אויפ׳ן פינגער, וואָס פאַר׳ן מינדסטען. איהר ווײַס־קלאָרער פינגער מיט׳ן בלויען פינגערל — אַך, גאָט מײַנער, ווי שען דאָס געהט איהר! איך האָב די אויגען נישט אָברײַסען געקאָנט...

יאָ, זי וועט מאָרגען זײַן, וואָס־זשע טהוט מען אַצינד? זינגען,

שפּרינגען ? הנני — איך בין אָנגעברייט : האָפּ , האָפּ , האָפּ ! . .

15-טען אַפּריל .

זי האָט מיר אין אַנדערענקען אַ בילדעל געשענקט : „ליעבער פריינד“ רופט זי מיך אין איהר אויפשריפט אָן . „ליעבער פריינד“ ? — טייערינקע ! . . .

אָט וואָס אויפ'ן בילדעל : — אַ בלויער פּאָן ; בלויער , פרישער הימעל ; בלויע ריינע לופט , בלויער , פרישער ים . אַ ליעב-שען שיפעלע האַלט אין מיטען געהן . ס'שווימט און טיקט זיך אַרויף-אַראָב , אַרויף-אַראָב . . . האָט אַ ווינטעלע דאָס ווייסע , קלאָרע און זייבערע זעגעלע אָנגעבלאָזען און טראָגט דאָס שיפעלע אַהין , אַהין , העט-ווייט , העט-ווייט , וואו , קוים-קוים מיט'ן אויג צו דערזעהן , זעהען זיך די ברעגעס אָן . פויגעלעך איינציגוויין ביי און אַרום , שוועבען , טיקען זיך און פערשייט און הפקר'ליך שלינגען , פרעהען זיך מיט דער לופט , דער פרישער , וואָס צווישען שפּיגעל-ים און הימעל-פריד . און דאָס ווינטעל אויף דעם זיעגעלע וועהט , שטיל און ווייך , ווייך און שטיל און טרייבט עס אַהין , אַהין , העט-ווייט , העט-ווייט . — ליובינקע , וואוהין שטרעבט און געהט דאָס שיפעלע ? טייערינקע , וואוהין וועהט דאָס ווינטעלע ? איך ווייס , איך ווייס ! . .

20-טען אַפּריל .

ס'האָט שוין היינט אין דרויסען מיט זומער געשמעקט . קינדערלעך אויף די פריזבעס זיצען שוין און געגען דער זון שפּיעלען זיך . גרויסע , שווערע , נור ווייכע און מידע וואָלקענס אויפ'ן הימעל ליעגען און ריהרען זיך נישט . די לופט איז וואַרים , שווערליך און שטעהט , בעוועגט זיך נישט . ווען-נישט-ווען שוין אַ פונקעל-קול'כעל הערט זיך . די בוימער האָבען זיך שוין פונ'ם ווינטער בעפרייט , נור דאָך קיין זומער-לייב אויף זיך נישט גענומען , און זייערע טרוקענע הענד , דאַרע און לאַנגע פינגער זענען צו אַלע זייטען אויסגעשטרעקט , ווי זיי זאָלען ביי זיי אָנשטעקען און אָנפרעגען , צי איז נישט אפשר עמיצען פון זיי הייכטיגען זומער בעשערט אַנ'עקר צו זיין . . .

איך ווייס נישט : איך בין נאָך אַזוי יונג , דאָך אַז ס'קוממ כסדר אין דער צייט — ערב זומער אָדער ווינטער — פיהל איך דאַמאָלס איבער אַזוינס , וואָס נאָר אַ אַלטער , נאָר גאָר אַ אַלטער דאַרף איבערפיהלען . עפּעס אַ מין סך-הכל-פּאַסיקעל פיהר איך דאַמאָלס אונטער מיין ביזהעריגען לעבען אונטער , און עפּעס ווערט מיר אַזוי טרויעריג , אַזוי טרויעריג . . . עפּעס האָב איך

רחמנות אויף מײַנע יונגע, יונגע יאָהרען, נאָר אַזוי ווי אויף יונגע פּערשטאָרבענע ברידערלעך: — אַזוי יונג און שוין נישטאָ . . . און ווען זיך שוין קיינמאָל, קיינמאָל נישט אומקעהרען! . .

מיט אַזאַ געפיהל בין איך הײַנט פאַרנאַכט געזעסען בײַ זיך אין צימער. שווער און מיעד האָבען זיך מיר העגד און פיס אָבגעלאָזען. כ'האָב זיי נאָר, דאַכט מיר, נישט געפיהלט און כמעט ווי פערגעסען. כ'האָב צוריק דעם קאָפּ אויפ'ן אָנלעהן פון בענקעל שווער אַראָבגעלאָזט . . . כ'האָב שווער און מיעד געאָטעמט. מײַן גאַנצער גוף האָט זיך פערגעסען, זיך אָבגעלאָזט, ווי אײַנגעשלאָפען און ווי נישט צו מיר געהערט. נאָר דאָס האַרץ מײַנס האָט זיך נאָך געדענקט, נאָך געוואַכט און אַלע מאָל געהויבען זיך, געהויבען און שווער געפיהלט.

שטיל איז געווען און טונקעל. און ס'איז אַלע מאָל שטילער און טונקעלער געוואָרען. טײַבעלש-שטיל און פערטראַכט-בין-השמשות'דיג איז די לופט אין מײַן צימער געווען, מײַן קאָפּ האָט שוואַך, אָבגעלאָזען איבערן אָנלעהן פון בענקעל ווי פרעמד און איבריג שוין אַראָבגעהאָנגען!

שטיל האָט מײַן האַרץ מיך אײַנגעווינגט און מײַנע אויגען האָבען זיך מיר געשלאָסען. און ס'האָט זיך מיר געוואָלט און ס'האָט זיך מיר געדאַכט, אַז זי אויף מײַנע הענד זיצט, זי האָט שטיל איהר האַרץ צו מײַנעם צוגעטוליעט, שטיל איהר פנים צו מײַנעם, האָט אויך שטיל און ליבענדיג די אויגען געשלאָסען, און שטיל-שטיל מיט איהרע ליפּען — ניין, מיט דעם אָטעם, מיט דעם וואַרים ליבען אָטעם איהרען — מײַנע ליפּען זוכען אָנגעהויבען: עטוואָס צו און אָב, צו און אָב, צוגעריהרט — נישט צוגעריהרט, פון אויבען נאָר, מיט אָטעם נאָר, מיט ליבע און וועהטאָג — אָט-אָט . . . אָט שליסען זיי זיך און פלוצים . . . האָט עמיצער בײַ מיר אין דער גלעזערנער טיר אָנגעקלאַפּט. כ'האָב די אויגען געעפענט, אין דער פינסטער זיך אַרומגעקוקט און זיך אײַנהערען אָנגעהייבען. ס'האָט זיך מיר געדאַכט, כ'האָב געחלום'ט: דאָס האָט מען אַמאָל, ערגעץ אַנדערש אַנדערש געקלאַפּט . . . שטיל, גרינג מיט אַ אײַדעלען-אײַדעלען פינגער, ווי אַ מיעד טײַבעלע, וואָס מיעד פון דער הויך האָט זיך אַראָבגעלאָזט און צו אַ טאַפּעל צו, — האָט עמיצער נאָך אַמאָל בײַ מיר אין דער טיר אָנגעקלאַפּט . . . ס'האָט מיר דאָס האַרץ „ס'איז זי!“ — אַ זאָג געטהאָן . . . יאָ, דאָס איז זי געווען. שטיל, אָהן ווערטער, אין דער פינסטער איז זי אַרײַנגעגאַנגען און שטיל זיך אַוועקגעזעצט . . . די נאַכט איז אָנגעפאַלען. שטיל האָט זי אונז אַרומגענומען און מיט שטילע טריט אַרום אונז געהן

אָנגעהויבען. שטיל איז זיך די צייט געגאַנגען. שטילער ווי געוועהנליך האָבען מיר צווישען זיך גערעדט — ניין, נישט גערעדט (כ'געדענק נישט, וואָס און פון וואָס), אין די אויגען זיך געקוקט און, דאַכט זיך, זיך נישט געזעהן, עפּעס געמיינט און, דאַכט זיך, ארויסגערעדט, נור וואָס — נישט געוואוסט האָב איך און נישט געוואוסט האָט זי. . .

שטיל זענען מיר זיך צוגאַנגען: כ'האָב זי דורך דעם פענסטערען קאָרידאָר אַרויסבעלייט, איהר די טיר געעפענט, ביי איהר די האַנד אויף געזעגענען זיך גענומען. . . האַנד אין האַנד זענען מיר אַ ווייַלע איינס נעבען אַנדערן געשטאַנען — נאָהענט, נאָהענט. . . די אַנדערע האַנד האָט זיך שטיל און ווי פון זיך עטוואָס אויפגעהויבען, ווי זי האָט אויף איהר אַקסעל זיך אַרויפלעגען געוואָלט: אָט. . . עס האָט זיך די טיר ווי פון זיך אַ עפען געטהון (דאָס האָט זי זי געעפענט) און שטיל, אַזוי זיך אַרויס. . . און איך בין אין דער פענסטער און אין דער שטילקייט געבליבען. . .

25-טען אפּריל.

האַ-חאַ-חאַ! איך מאָל זיך אויס, ווען איך זאָל היינט געזען שטעהן און קוקען אויף זיך אַליין און זיך הערען רעדען, וואָס פאַר אַ מין צונג וואָלט איך זיך געוועזען אַרויסגעשטעלט: לעקיש אייגער, ווער ס'האָט זיך דאָ צורעדט!. .

וואָרום באמת טאַקי, איך, וואָס קיין שום זאַך אין דער וועלט ווייס מיר נישט אַזוי איבעריג אויס, ווי דער קאָפּ — ווער דאַרף איהם און נאָך־וואָס טויג ער — איך, וואָס האָב קיינמאָל נישט געטראַכט, וואָס ווייס נישט, ווי אַזוי טראַכט מען און וואָס איז דאָס בכלל פאַר אַ מין; איך — און רעדען פון אַזוינע מינים „מאַטעריעס", מיט אַזוינע מינים ווערטער — איז דען דאָס נישט לעכערליך? און דער עיקר נאָך דאָס, וואָס עס דאַכט זיך מיר נאָך אַצינד, אַז דאָס, וואָס איך האָב גערעדט, איז באמת גוט, שען, „לאָגיש" און „אויסגעהאַלטען". חאַ-חאַ-חאַ! אפנים אויף דערויף האָבען מיך זיינע אויגען אַרויפגעפיהרט (אויגען ווירקען אויף מיר תמיד).

ס'זענען זיך צו מיר בעקאַנטע צונויפגעקומען, יונגלעך מיט מיידלעך. זי איז אויך געווען. מען האָט זיך צורעדט וועגען אַ נייעם ראָמאַן. נישט־בעמערקט פאַר מיר אַליין בין איך דער ראש־המדברים געוואָרען. כ'האָב נישט בעמערקט, ווי אַלע זענען אַנטשוויגען געוואָרען און צו מיר זיך איינגעהערען אָנגעהויבען.

כ׳האָב זיך פֿערגעסען און געשׂיט און גערעדט, און גערעדט און געשׂיט. און אַז כ׳האָב זיך אָבגעשטעלט און זיך אַרומגעקוקט, האָב דערזעהן ברייט-געעפֿענטע מײַלער און אויגען — נו, איז דאָס נישט קײַן געלעכטער? זי. האָב איך געזעהן, איז צופֿרידען געוועזען...

דער עולם איז לאַבּענדיג, וויצלענדיג און פֿריילעך זיך צוגאַנגען. פֿאַר גרויס שׂמחה האָב איך זי פֿערגעסען בעטען צו קומען, נאָר זי וועט שוין אַלײַן קומען. זי וועט קומען...

אָנהויב מײַ.

אַז כ׳האָב הײַנט אין דער פֿריה זיך אויפֿגעכאַפּט און די אויגען געעפֿענט, האָב געטראָפֿען מײַן צימער פֿול און פֿול מיט פֿרישער, פֿריהלינגדיגער, פֿריהמאָרגען-ליכט איבערפֿולט. אויף דער וואַנד, געגענאיבער מײַן געלעגער, האָט אַ פֿלעק שאָטען-ליכט געטאַנצט און געוואָרפֿען זיך פֿון איין אָרט אויפֿ׳ן אַנדערן, הין און צוריק, גיך, גיך...

„פּיט — פּיט — פּיט" — האָט זיך אין דער דרויסען-לופֿט פֿרײַ, פֿריש, פֿערשײַט און הפקר׳ליך פֿויגעל-פֿרייד געטראָגען: פֿריהלינג, אָפֿען, ברייט און ווײַט, לעבעדיג און אויפֿגעלעגט. און פֿון פֿרײַקײַט, יונגקײַט און ליכטיגקײַט האָט מיר אַ פֿרייד-שפּראָץ אונטער׳ן האַרצען אַ קום געטהון, ס׳האָט מיך פֿון געלעגער אַ טראָג געגעבען. איך האָב זיך מיט אַמאָל אַ זעץ-אויף געטהון און דורכ׳ן פֿענסטער אין דרויסען אַרויס אַ קוק געטהון.

דער בוים, וואָס בײַ מײַן פֿענסטער שטעהט, האָט מיר דורך זײַנע דאַרע, נאָך נישט-בעגרינטע צווײַגען שטיקלעך הימעל געוויזען; אָבער גאָט מײַן גאָט, ווי הויך, ווי בלוי, ווי ריין און טיעף זײַ זענען!... ווי גוט ס׳וואָלט איצט געווען פֿליגעל בעקומען און אַהין, אַהין, אין הימעל אַרײַן אַוועק, אַוועק—ווײַט, הויך, בלוי; ווײַטער, העכער, בלויער — אַוועק, אַוועק!...

אָט אַזוי בין איך אין ווײַסען שלאָף-קאָסטיום בײַם פֿענסטער געשטאַנען און זיך אין הימעל אַרײַן פֿערקוקט. און אַז כ׳האָב די אויגען פֿונ׳ם הימעל אַראָבגעלאָזט, האָב בעמערקט בײַם ברונען, וואָס פּונקט געגענאיבער מײַן פֿענסטער שטעהט, אַ פּאָרעל — אַ יונגעל מיט אַ מיידעל — שטעהן. בײדע זענען צום ברונען מיט עמער געקומען וואַסער שעפּען. פֿול שטעהען שוין די עמער אונטען, בײַם ברונען אַוועקגעשטעלט, און דאָס פּאָרעל — ער פֿון איין זײַט, זי פֿון דער אַנדערער — די קעפּ שעמענדיג אין דעם ברונען אַראָבגעלאָזט, שטעהען, רוהיג-רוהיג קוקען אין דער טיעף, אין וואַסער אַרײַן,

שפּיגלען זיך דאָרט אָן, טוליען און ריהרען זיך אין דעם וואַסער מיט די קעפּ אָן און ריידען אַהין אַרײַן — ריידען זיך רוהיג . . . עס האָט זיך מיר אַ שטיף טהון פערגלוסט. כ׳האָב זיך דורכ׳ן פענסטער אָנגעקלאַפּט אין אַליין דעם קאָפּ הינטער דער וואַנד פערשטעלט. זיי האָבען ביידע מיט אַמאָל די קעפּ אַ הויב געטהון און — דערזעהען, אַז דער טאָג איז נאָך גרויס, און אין דער אַרבייט זיך דערמאָהנט, און זיי האָבען אײַלענדיג, אויף גיך די עמער פון דער ערד אַ נעהם געטהון . . . איך האָב זיך ווייטער אין פענסטער בעריהען און מיט זיי זיך מיט די אויגען בעגעגענט. עמוואָס ברוגז׳ליך, שעמענדיג און שולדיג האָבען זיי צו מיר געקוקט . . . אָרימינקע! וואָס האָב איך געהאַט צו אײַך, נעביך? . . .

און ס׳איז מיר עפּעס אַזוי פרעהליך געוואָרען, טאַקע ווי נאָר מיר קאָן פרעהליך ווערען: מיט אַמאָל אונטערן האַרצען און אין גאָרגעל — דעם אָטעם נישט צו חאַפּען, דערשטיקט צו ווערען . . . און נאַקעט און באָרפוס בין פון מײַן געלעגער אַראָב, זיך עטליכע מאָל אויף איין פוס איבערגעדרעהט, מיט׳ן אַנדערען צום טאַקט צוגעקלאַפּט און דערנאָך — מיט אַמאָל, פרעהליך, לעבעדיג און הפקר איבערן צימער אין אַ קאָזאַק זיך צולאָזט: אי-אָ-אַ, מיט אַ קוויטש און צוגעטופּעט: אי-אָ-אַ . . . מען האָט אַזש בײַ מײַן בעל-הבית׳טע דערהערט און מען קלאַפּט מיר דורך דער טיר פון דאָרט: צי ס׳איז אײַך צוגעקומען, וואָס? וואָס איז פאַר אַ גרולה היינט אויף אײַך? וואָס איז פאַר אַ טאַנצען אין מיטען דערינען? —

ס׳איז פאַרנאַכט געוואָרען. ס׳איז נאָר-וואָס אַ רעגענדעל אָבגעגאַנגען אַ שמעקענדיגס, אַ וואַרימס, אַ זומערדיגס און זאַפטיגס. טיר און פענסטער זענען אָפען. איך בין בײַם פענסטער געשטאַנען. אין דרויסען האָט מיט זומער-לײַב געשמעקט. פון דער ערד, האָט זיך געפיהלט, ווי אַ וועלט מיט יונגקייט אַרויס בעט זיך. די ערד — נאָר-וואָס פון דער טבילה, פון דעם רעגענדעל אויפגעהענדיג, האָט ליעב און שווערליך דאָס, וואָס בײַ איהר אונטערן האַרצען, דערפיהלט און, ווי אַ ערשטלינג אין די בין-השמשות׳ן, יונג און מוטערליך זיך דאָס פאָרגעשטעלט און האַרציג חעגען דעם געטרויסט. ריין, בלוי און אויסגעוואַשען האָט דער הימעל אויסגעזעהן. אַ יונג פריש ווינטעלע איז שמעקענדיג פון די בוימער אַרויס און אַלע מאָל פון הימעל צו ערד און פון ערד צו הימעל אין זיסע ליעבע-שליחות געגאַנגען — און ס׳האָט הימעל און ערד און וואָס צווישען הימעל און ערד מיט פריש כלה-לײַב געריצט און צוגעזאָגט, צוגעזאָגט און מיט פרישקייט געריצט. — —

שטיל און נישט=בעמערקט איז זי דורך דער אָפענער טיר אַרייַנגע=נאַנגען און צום אָפענעם פענסטער צוגעגאַנגען . כ׳האָב ביַי איהר די האַנד גענומען און געהאַלטען . ס׳איז פינסטערליך געוואָרען . . . כ׳האָב איהר וואַרימען אָטעם , איהר יונגען קערפער דערפיהלט . . . כ׳האָב איהר האַנד עמוואָס צו זיך אַ נעהם געטהון . . . איהר גאַנצער קערפער האָט זיך נאָכגעגעבען . . . איך האָב שטיל אין פאַמעליך איהרע הענד אַרום זיך ארומגענומען און מיט מיַינע זי צו זיך דערנעהערט . . . — אין שמעקענדיגען גרויסען דרויסען=פריהלינג איז אונזער פריהלינג פערזונקען . . . —

אָהן אָטעם האָבען מיר זיך אויפגעחאַפט . . . אין דרויסען איז פינס=טער געווען .

20-טען מאַי .

מאַי ! — מיר און פענסטער , האַרץ און וועלט האָבען זיך געעפענט און אַ ווינטעל אויף אַ תענוג=פליגעל בריַינגט זיי ליכט און פריַיקיַיט , פריַיד און גאָטס גענאָד . . . קערעווע זיך , דרעה זיך און פרעה זיך : אומעטום אַרום און אַרום , אין אַלע עקען — ליכט , לעבען , פריַיד און פריַי און רהבות . —

דער הימעל — בלוי , טיעף און הויך , די ערד — וויַיט גרוים און בריַיט , פויגעל — פאַר פריַיד מיט פריַיד שפיעלט זיך , גרעזעלע — גלוסטיג אויף דער וועלט אַרוים ריַיסט און בוים און מענש — אין דער ליעבער מאַי=לופט דאָרשטיג , גלוסטיג און לעכצענדיג , מיט פערמאַכטע אויגען פאַר שמערצליכע גלוסטינג , די הענד שטרעקען אוים און אַ האַרץ , אַ חיות=האַרץ אויף צוצוטוליען זיך און היַיסע , ליעבע=ליפען אויף איַינזאַפען זיך זוכען : מבט — ליעבע , ליובינקע מיַינע ! . . . —

שטיל קומט זי פאַרנאַכט צוגעהן . דורכ׳ן פענסטער נאָך , אַז זי דערזעהט מיך , שמייכעלט זי שוין עפעס פערשטעלט און שרעקענדיג . אין איהר קוק דאַן זעה איך ליעבע , פאַר=עפעס=מורא און ווי שרעקענדיגע ער=וואַרטונג . און אַז זי קומט אַריַין און כ׳נעהם זי אַרום און דריק זי צו זיך צו , פיהל איך , ווי איהר האַרץ אין איהר קלאַפט , וואַרפט זיך און איהרע קניה ביַי מיַינע ציטערן . . .

שטיל און עטוואָס בלאַס קומט זי איצט פאַרנאַכט צו מיר צוגעהן . יונגענדליך=פריש און ווי דער פריהלינג דאָרשטיג און שמעקענדיג , זאַפט זי אין זיך מיַינע קושען איַין . און ווי שען , גלוסטיג , און געזעטיגט זעהט זי ביַים אַוועקגעהן אוים ! . . און מיר איז אַזוי גוט , אַזוי גוט ! . .

אַנהויב יוני.

קיין נייעס נישטאָ, נור ווער דאַרף עס? דער דרויסען שען, מיין טייערינקע שען און יונג, און איך — געזונד און שטאַרק און פריעהליך.

2-טען יוני.

פרעהליך ווי געוועזען.

3-טען יוני.

די געלעבט, ווי געלעבט און ווי אַטעמנעלעבטען.

4-טען יוני.

טייערינקע! וואו ביזטו דאָס געלעבטען געוועזען? פאַרוואָס ביזטו נישט געקומען? איך האָב דאָך אַזוי געוואַרט און אַרויסגעקוקט?

5-טען יוני.

ליובינקע, טייערע מיינע! וואו ביזטו? ווי שעמסטו זיך נישט? צוויי טעג נאָכאַנאַנד צו מיר, צו דיין געליעבטען, נישט קומען. אַך, ווי שטאַרק און אָנגעשטאָלט מיינע אָרעמס זענען, ווי הייס מיין אָטעם און דאָרשטיג מיינע ליפען!... קום-זשע צוגעהן, ליובינקע, האַרציגע מיינע!

7-טען יוני.

אַך, ווי מיר האָט זיך נישט געוואָלט הייגט פון שלאָף ערוואַכען... אין לעצטען שלאָף שוין האָב איך געפיהלט, אַז בשעת'ן אויפהאַפּען זיך וועל איך אין עפּעס אונאַנגענעהמעס און פערפאַלענס זיך דערמאָהנען דאַרפען. איך האָב די אויגען געעפענט און דורכ'ן פענסטער אַרויסגעקוקט. אין דרויסען האָט אַ רעגען געגאָסען — אַ איינמאָטיגער, אַ געלאַסענער, אַ קאַלטער און איינגעגעסענער. ס'האָט אויסגעזעהן, אַז שוין לאַנג-לאַנג האָט ער זיך אָנגעהויבען און נישט אַזוי גיך וועט ער אויפהערען. ס'איז געוועזען פון די רעגענס, וואָס קומען אָן ביינאַכט און דעם גאַנצען טאָג אָהן אויפהער געהען און געהען. און, ווי קינדער, ווען זיי איז אויפ'ן האַרצען אָנגעזאָליעט, עפּעס ווילען און וויינען, ווילען און וויינען, לאַנג-לאַנג ביז שפּעט אין דער צווייטער נאַכט. אָרים, אומעטיג און אָבגעלאָזען האָט דער דרויסען אויסגעזעהן. די בוימער האָבען די בלעטער אָבגעלאָזט: זיי הענגען ווי איבריגע, ווי עפּעס אָנגעטשעפּעטע. די פייגעלעך אונטער די דעכער טרייסלען אלע

ווײַלע די נאַסע גופים׳לעך אָב און אײַנגעהויקערטע און אומעטיגע אויפ׳ן דרויסען קוקען . . .

איך האָב זיך אין נעכטען דערמאָהנט:

ס׳איז דער דריטער טאָג געווען, ווי איך האָב זי נישט געזעהן. ס׳איז פאַרנאַכט געווען. איך בין בײַם פענסטער געשטאַנען און אַרויסגעקוקט.

אין דרויסען איז פאַרנע געווען. די זון איז אין א שוואַרצען שטורם־וואָלקען פערגאַנגען. און אַ ווינטעל, פאַר עפּעס שרעקענדיג און צו עפּעס גרײַטענדיג, איז אַלײַן דערשראָקען אין די בוימער־קעפּ אַרײַן. לײַכט איז עס איבער די דעכער אַריבער, צו אָפענע פענסטער צו און זײַ פערמאַכען געהײַסען; אין גאַס אַראָב, די דורכגעהער אונטערגעשטופּט, זײַ עבײַיאָס שרעקענדיג, ווי מזהיר געווען, זײַ צוגעאײַלט און פון גאַס זיך פערגעהמען בעפוילען; לסוף דעם גאַס־שטויב אויפגעהויבען און רעדעלדיג—אַרויף, אַרויף . . .

און ס׳איז שטיל געוואָרען. מענשען האָבען אַרויף, אויפ׳ן שוואַרצען וואָלקען געקוקט און זיך צוגעאײַלט. די גאַס איז לײַדיג, ריין און שטיל געוואָרען. פענסטער האבען זיך מיט פּחד־רעש צוגעמאַכט. דער וואָלקען איז נעהנטער און נעהנטער געקומען. איך בין בײַ מײַן פענסטער געשטאַנען און אַרויסגעקוקט. שנעל איז אַ בליץ פון וואָלקען צו וואָלקען איבערגעלאָפען: ציק! . . ס׳האָט זיך אַ ווינד אויפגעהויבען, אין דער לופט שטויב געטראָגען און פערשפּעטיגטע פויגעל געיאָגט . . . אין שטורם האָב איך זי דערזעהן. דער ווינד איז איהר אין פנים געווען. ער האָט זי ווי צוריק געטראָגען, אַהער צוגעהן נישט דערלאָזט, שטײַף מיט איהר קלײַד איהר קע־פּער אַרומגענומען און איהם בולט געמאַכט . . .

אַ ווילדער שטורם־בעגעהר האָט מיך אַ נעהם געטהון . . . מײַנע קניה האָבען ציטערן אָנגעהויבען און זיך ווי אונטערגעזעצט. זי איז אַרײַן . . . אײַנגעזאַפּט שטורמדיג און פריש האָבען מיר זיך אײַנס אין אַנדערן . . . און אָהן ווערטער און אָהן כח אויפ׳ן בעט אַנידערגעפאַלען . . .

— — — — — — — — — — — — — —

דער דרויסען האָט פון שטורם אָבגערוהט. זי איז שטיל, נישט געדעט, אין דער פינסטער אַרויס . . .

סוף יגני.

שטיל געהען די אָווענדען איבער. זי רעדט נישט, זי האָט זיך אין

איהר גוף חיי מפקיר געווען: אָבגעלאָזען , קאַלטבלוטיג און ווי אויף אַ פרעמדען קוקט זי אויף איהר קערפער איצט , זי רעדט נישט , זי קוקט נאָר . נור, — גאָט מיין גאָט—וויפיעל טרויער , ווי נאָך עפּעס פערשטאַר-ביגענעם און פערפאַלענס , ליגט אין אָט דעם קוק , אין איהרען ! גאָט מיינער ! וואָס פאַר אַ יאוש , שולד און בעדויערן אויף אייביג-פערפאַלענעם קוקט פון איהרע אויגען אַרויס ! . . . און וויפיעל הכנעה פאַר מיר, וויפיעל נאָכגעבען ! . .

ס'רוב מאַכט זיך די לעצטע צייט , — ווען מיר זיצען אַזוי ביידע שטיל און פערטראַכט, דערפיהל איך ווי איהרע אויגען אונטען אַרום און פערשטעלט אין מיינע אַריינקוקען . איך הויב אָן קוקען אין איהרע. טיעף , ביז אין דער טיעף פון מיין האַרצען דרינגט אין מיר איהר קוק אַריין.

און, ס'דאַכט זיך , זי טרעפט אויף געוויס , זי ווייסט פון עפּעס אַזוינס פאַר איהר שרעקליכעס, פון עפּעס אַזוינס פאַר איהר אונדערבאַרעמדיגס . . . און ס'פילען זיך שטיל און פאַמעליך איהרע אויגען מיט טרעהרען אָן — מיט שטומע, ווייכע און האַרציגע געבעט-טרעהרען . . . קיין שטיין וואָלט זיי נישט געקעגנגעשטאַנען ! און זיי פילען איהרע אויגען אָן, געהען איבער און קייקלען זיך שטיל , שטיל איבער איהר געזיכט אַריבער און פאַלען . . .
מיין רחמנות , טיין רחמנות אויף דיר , האַרציגקע מיינע ! . . —

אָנהויב יולי.

כמעט יעדעס מאָל , ווען זי קומט צו מיר , וויינט זי , נור ניין , — דאָס וויינט נישט זי , דאָס וויינט איהר האַרץ אין איהר. עס ליגט אונטער דעם האַרצען איהרען עפּעס אַזוינס שווערס , עפּעס אַזוינס שרעקליכעס , וואָס נישט אויף אַרויסצורײַדען , נישט אויף אויסדערציילען . . . שטיל קייקלען זיך די טרעהרען איבער איהר געזיכט און פאַלען . שווער , שרעקליך שווער קומט מיר אָן, איידער איך בערוהיג זי , נור דער-פאַר ווי היינט, ברענענדיג און פלאַטערנדיג זי גיט זיך מיר דערנאָכדעם איבער, אַך , ווי זי פערגעסט זיך דאַן . . . . —

און זי לעשט זינד מיט זינד אין פייער מיט פייער . . . . —

5-טען יולי.

זי וויינט . . . זי פיהלט — זאָגט זי — אַז איך בין צו איהר קאַלט געוואָרען, אמת? ניין , דאַכט זיך. איך קאָן נאָר נישט ליידען, אַז זי וויינט. . .

10-טען יולי.

פאַר דער גאַנצער צײַט בין איך געלעגן, ווען זי קומט געוויינטליך, אין דער הײם נישט געווען . . . ווי זי האָט דאָס אויף מיר היינט געקוקט! אַך, איהר קוק — ווי שטום ער איז און ווי טיף ער דרינגט אַרײַן און דערלאַנגט . . . איך קאָן אַזוי נישט איבערטראָגען דעם קוק איהרען: גאָט מײַנער! אַלע גיהנום׳ס, אַבי אונטער אָט דעם קוק איהרען נישט אונטער-פאַלען . . .

20-טען יולי.

. . . אין דרויסען אַזוי מיאוס און אויפ׳ן האַרצען אומעטיג! ס׳גיסט אַ רעגען, פון אַלעס קאַפּעט, רינט און גיסט. דער רעגען איז אַנגעגעסען, שמײַסט און דערקוטשעט. די, וואָס איהם אַנטקעגען געהען, איז קאַלט און זיי ניאָרען זיך און בויגען די קעפּ צו דער ערד אַראָב און פערביסען און עקשנות׳דיג געהען ווײַטער. בײַ אַלע זעהט דער פּנים אויס געל, צו-קנײַטשט און פערטרויערט. דער הימעל איז דורכאויס, אין איין מאָס אין אין איין אופן פערוואָלקענט. דער גאַנצער וואָלקען-דעק זעהט אויס ווי אַלטע, קרענקליכע און אָהן-בלוטיגע הויט פון אַן אַלטען שלאַפען. דער גאַנצער דרויסען ווײַזט אויס ווי נישט-אויסגעשלאָפען: פאַר דער צײַט, אַ גרויסען פאַרטאָג אויפגעשטאַנען און קאַלט איז איהם, נישט איינגעלעגט, אומעטיג און ווי נישט מיט אַלעמען . . .

און ווי לעפּיש אָבגעלאָזען די בוימער שטעהען; ווי ס׳גיסט פון זיי . . . און ווי נאַריש-איבריג די פּרולטען פון די צווײַגען אַראָב-העננען און באָמ-בלען זיך — ווער קוקט אויף זיי? ווער דאַרף זיי? . .

זי איז היינט, נישט ווי איהר שטײַגער איז, צו מיר אין דער פריה געקומען. אין רעגען. אין עפּעס אַ מין טיכעל איינגעהילט. שרעקליך בלאַס אויף מײַן בעטעל זיך אַוועקגעזעצט און נאָך לאַנגען שווייגען אָהן טרע-רען און אַזוי ווי, דאַכט מיר, נישט מיט איהר קול מיר צו וויסען געגע-בען . . . . — . . . . — . . . . — . . . . — . . . . — . . . . — . . .

„און וואָס טהוט מען אַצינד?“ וואָס טהוט מען אַצינד? יאָ, וואָס טהוט מען?

איך פערשטעה נישט, וואָס איז דאָ געווען? און וואָס עפּעס בין איך דאָ? ·

וואָס האָב איך איהר געזאָגט, וואָס האָב איך איהר געענטפערט און מיט וואָס איז זי אַוועקגעגאַנגען?

25-טען יולי.

כ'האָב זי עטליכע טעג נישט געזעהן — אומעטיג. פאַרוואָס בענק איך נאָך איהר נישט? פאַרוואָס דערמאָהנט זי זיך מיר נישט?

27-טען יולי.

כ'געה היינט אַלע אויף-דער-נאַכט אין שטאָדט, זעה זיך און שפּאַציר מיט בעקאַנטע.

מיט איהר האָב זיך שוין עטליכע טעג נישט געזעהן.

יאָ, צופעליג האָב היינט אונטער דער טיר געהערט, ווי ס'האָט עמי-צער ביי מיין בעל-הבית'טע דערצעהלט עפּעס פון אַ מיידעל פון דער גאַס, פון אַ אַנשטענדיג הויז און פאַמיליע, אַז ס'איז זיך מיט איהר „אַ מעשה פּערלאָפּען"... און וואָס דאָרט אין שטוב טהוט זיך... — מען זאָגט, אַז... און דאָ האָט דער דערצעהלער אויף עטליכע טענער נידעריגער זיך אַראָבגעלאָזט. מען האָט זיך דאָרט אַלע אינאיינעם שושקען אָנגעהויבען. אַזוי, אַז איך האָב שוין מעהר גאָרנישט איינגעהערט.

28-טען יולי.

עפּעס האָט מיין בעל-הבית'טע אויף מיר אָנגעהויבען „קאָסע" קוקען... איך האָב זיך בעטראַכט, אַז מען בעדאַרף אויף אַ נייע קוואַרטיר זיך איבער-ציהען. פאַר זומער איז מיין צימער גאַנץ נישקשה—שען, ליכטיג, פריי. נור ס'געהט צו ווינטער און ווינטער, רעכען איך, איז ער זעהר אונבעקוועם.

פרץ הירשביין.

# פון מיין אלבאם.

## I.

## פייערלעך.

ס'איז געווען ארום האלבע נאכט, איך בין געזעסן ביים שטראנד־צווישען די פעלזען, זיך איבערגעגעבען דער פינסטערניש. פון אלע זייטען האבען זיך געשלעפט גראה־שווארצע וואלקען און געזאמעלט זיך אונטער'ן הימעל. פון מזרח זייט האט א בייזער ווינד געבלאזען און געטריבען דעם גאנצען ים צום שטראנד, נאר דער ים האט זיך איינגעשפארט און זיינע פאליעס, קומענדיג צו די פעלזען, האבען זיך צושלאגען אין שנעע־ווייסען שוים און געלאזט זיך צוריק לויפען שטייערענדיג זיך מיט ווינד. די אויגען האבען מיר אומגעבלאנדזשעט צווישען וואלקען און וואסער און געזוכט — אליין נישט וויסענדיג וואס.

פלוצלונג האבען זיך דריי פייערלעך אויפ'ן האריזאנט בעוויזען: ערגעץ פון יענער זייט הימעל זענען זיי ארויסגעשוואומען.

— ווער געהט עס דארט מיט פייער אזוי שפעט אום?

מען זאגט, אין ים בלאנדזשען אום שיפען, וואס קענען זיך קיין מאל צו דער טריקעניש נישט דערשלאגען. ים־גייסטער האבען זייערע שיפסלייט פער'כשוף'ט און פערפיהרט; נאר אין א שטורם־נאכט בעוויזען זיך פאר זיי דער ברעג, דער שטורם־ווינד לאזט זיי נישט דעם ברעג דערגרייכען, און די פייערלעך טוקען זיך, הויבען זיך און זינקען — די שיפסלייט וואלטען וועלען וואס שנעלער דעם שטראנד דערזעהן.

ווער האט דארט זיין וועג פערלארען און קען זיך נישט צוריק צו זיין היים דערשלאגען?!...

די וואלקען זענען נאך געדיכטער געווארען, שווערער געווארען; זיי האבען זיך אלץ נידריגער אראבגעלאזען צום ים:

די וואָלקען האָבען געוויאָלט צו זיך דעם ים אַרויפהויבען, אָדער דער ים האָט געוואָלט די וואָלקען צו זיך אין זיין טיפעניש פערנאַרען, און די וועלען האָבען זיך געשוואַרצט פון דער פינסטערניש אַרוים, האָבען זיך געקיקעלט און געבלאָזען און צוריסען געוואָרען. און פון דעם רים האָבען זיך אַרויסגעגאָסען שנעע-ווייסע געקרייזעלטע שוים-פרענז און די פרענז האָבען זיך געגאָסען איבערן רוקען פון די וועלען און ס'האָט אויסגעזעהן: פון דעם אָבגרונד זענען אַרויסגעשוואומען מעכטיגע, שוואַרצע פערד מיט ווייסע גריווען... אַ בליץ האָט פלוצלונג דעם שוואַרצען וואָלקען דורכגעשניטען און די ווייסע פרענז אויף די צוריסענע פאַליעס האָבען זיך אָנגעצונדען און געלויכטען און די פייערליכע טוקען זיך אַלץ צווישען וואָלקען און וואַסער.

— אָך ניין! ניט קיין פערבלאָנדזשעטע שיפען זענען עס...

דאָרט זענען צאַרטע, ווייסע וואַסער-מיידען מיט פלאַטען אין די הענד. זיי ריטען אויף גרויסע שילדקראָטען, טאַנצען איבער פון איין וואַל אויף דעם אַנדערן, וואַרפען זיך צום אָבגרונד און שווימען ווידער אַרוים... זיי וואַרטען דאָרט איבער ויעמען, וואַכען אויף איין אָרט מיט פלאַטען אין די הענד.

— יאָ, איך זעה זיי... איך זעה זיי די וואַסער-גייסטער...

אַ פערליעבטע פּאָר איז אין זייער שיפעל אַרויסגעפאָהרען אין ברייטען ים אַריין. פון זייער שיפעל האָבען זיי זיך אין די וועלען געוואָרפען. געקניפט איינער צום אַנדערן זענען זיי צום גרונד געגאַנגען. די ים-גייסטער שוועבען אום אויף יענעם אָרט, באַלויכטען איהם מיט פלאַטען אין די הענד — די פערליעבטע אָבער, ליגען אויפ'ן גרונד און טרוימען נאָך אַלץ זייער לאַנגען ליעבעס-טרוים...

דער שטורם איז נאָך שטאַרקער געוואָרען. פון ים אַרוים האָבען זיך געטראָגען מיט'ן ווינד וואַסער-קולות, ס'האָט אין פנים אַריין געשפריצט און געפייפט.

די בליצען זענען אָפטער געוואָרען און פון דעם ווילדען וואַסער-געררויש האָט זיך אַרויסגעטיילט אַ פערקלערט געמורמעל פון אַ דונער. צווישען די פעלזען האָט אָנגעהויבען פייפען דער ווינד און איבער זייערע שפּיצען האָבען זיך דורכגעטראָגען צוויי מעווען און געבלאַנקט מיט די לאַנגע, ווייסע פליגלען...

טיעפער אַראָב, ביים שטראַנד, צווישען די וועלען האָט זיך עפּיס אָנגעהויבען רודערן; ס'האָט זיך געשפירט, — ווי די פאַליעס ווילען וועטען מיט ליאַרעם אויף די פעלזען אַרויסשטויסען... כ'האָב מיין אָטעם איינגעהאַלטען; כ'האָב פלוצלונג דערשפירט אַזוינס, וואָס כ'האָב מיך געפאָרכטען פאַר מיין געדאַנק אויפצובריענגען...

א דויערנדער בליץ האט אויף פאסען די וואלקען צושניטען, און די אנגעצונדענע לופט האט פון א מעכטיגען דונער א ציטער געגעבען...

און אין דער בעלויכטונג האט זיך אונטען בעוויזען א לעדיג שיפעל, וואס דער ים האט צו סיינע פיס ארויסגעווארפען...



# גאָרדין און די יודישע בינע.

I

דאָס אידישע טעאַטער האָט זיינע קינדהייטס-יאָהרען פערבראַכט אין קריעגערליכען הויף, הויף-דראַמען און הויף-קאָמעדיאַנטען זענען זיינע ערציהער.

דאָס טעאַטער האָט געהערט צום הויף-לוקסוס.

די דראַמע איז געווען א הויף-דראַמע; די שענע מאַניערען, דאָס שענע וואָרט, דאָס צאַרטע געפיהל, די ווייכע און ריטערישע סאַנטימענטאַליטעט זענען געווען די הויפט-מאָטיווען פון דער הויף-דראַמע.

אין גרויסע פּאַלאַצען, וועלכע האָבען זיך געבאָרען אין רופטיגע בלומען, איז לאַנג געווען פערשלאָסען דאָס אייראָפּעאישע טעאַטער.

ערשט שפּעטער איז דאָס טעאַטער אַרויס צום פאָלק, שפּעטער האָט עס זיך בעוויזען אין דער טומעלדיגער גאַס, אויף די רוישענדע פּלעצער.

מיט נייגיער איז דאָס פאָלק געלאָפען זעהען דאָס הויף-קינד, דעם ליעבלינג פון די קיסרים, מיט דרך-ארץ, מיט א טיעפען ערנסט און מיט א געוויסער דאַנקבאַרקייט האָבען זיי געקוקט אויפ'ן גרויסען יחסן, וואָס האָט זיי געטהון אזא כבוד און האָט זיך אַראָבגעלאָזען צו די פּשוט'ע מענשען.

דאָס טעאַטער האָט געהערט צום „גוטען טאָן", יעדער בירגער האָט זיך געוואָלט עדלען דורכ'ן טעאַטער. רייידען פון א נייער דראַמע, פון א שוישפּיעלער זענען געוואָרען דער מאָדע-שמועס.

דער פראַנצויזישער „סאַלאָן" האָט מיט התפעלות אויפגענומען דאָס טעאַטער. דער שוישפּיעלער, דער דראַמאַטורג איז געוואָרען דער מיטעלפּונקט פון „סאַלאָן".

אין אָנפאַנג פון נייינצעהנטען יאָהרהונדערט הויבט דאָס טעאַטער אָן אַריינצודרינגען אין די נידעריגע שיכטען פון פאָלק.

עס איז די מאָדערנע סאָציאַלע געזעצגעבונג, וועלכע פערמאַכט אין

אָנהויב אָיועֶנד די פאַבריק און עֶפֶּעֶנט פאַר'ן אַרבּײַטער דאָס טעֶאַטער; זי הײסט דעֶם קרעֶטשמער פֿערמאַכֶען דאָס קרעֶטשיל און לאָזט איהם דעֶם גאַנצעֶן אָוונד פרײַ.

די סאָציאַלעֶ געֶזעֶצגעֶבונג האָט בעֶשאַפֿעֶן דעֶם פּיעֶל־קעֶפּיגעֶן טעֶאַטער־בעֶזוכעֶר, זי האָט בעֶשאַפֿעֶן דאָס פאָלקס־טעֶאַטער.

דאָס טעֶאַטער איז אַרויס פונ'ם רשות פון דער הויכעֶר אַריסטאָקראַטיעֶ אין פון דעֶם רשות פון דעֶם זאַטעֶן בירגעֶרטום: עֶס איז געֶוואָרעֶן דאָס גײַסטיגעֶ פערמעֶגעֶן פון גאַנצעֶן פאָלק.

און מיט דעֶם אַראָבשטײַגעֶן פונ'ם טעֶאַטער פון דער הויכעֶר אַריסטאָקראַטיעֶ צום פאָלק, האָט אויך די דראַמעֶ אַראָבגעֶשטיגעֶן פון די ראָמאַנטיש־ריטעֶרישעֶ הימלעֶן צו אײַנפאַכעֶן רעֶאַליזם און נאַטוראַליזם.

גאָר אַנדעֶרש האָט זיך עֶנטוויקעֶלט דאָס יודישעֶ טעֶאַטער.

בײַם שנײַדער־ און שוסטעֶר־טיש דאַרף מען זוכעֶן די עֶרשטעֶ שפּורעֶן פון יודישעֶן טעֶאַטער, אין די נידערינסטעֶ שיכטעֶן פון פאָלק הײַם עֶס זיך בעֶוויזעֶן צום עֶרשטעֶן מאָל. אַ גרויעֶ, פּראָזאַאישעֶ קינדהײַט האָט עֶס געֶהאַט. אָרים, גרוי איז געֶוועֶן זײַן פאַנטאַזיעֶ, עֶס איז בײַם עֶרשטעֶן טריט געֶשטאַנעֶן פעֶסט אויף דער עֶרד, עֶס איז פון אָנהויב אָן געֶוועֶן נודנעֶ־ניכטער.

אַנ'אָרימעֶן, טרוקעֶנעֶם לעֶקסיקאָן האָט עֶס געֶהאַט אפילו, ווען עֶס איז געֶוועֶן „היסטאָריש".

דאָס עֶרשטעֶ יודישעֶ טעֶאַטער־שטיק איז געֶוועֶן היסטאָריש לויט זײַן אינהאַלט, זײַן שפּראַך אָבער—אַ פאָלקס־שפּראַך, די פּאַרשוינעֶן—פאָלקס־מעֶנשעֶן.

די עֶרשטעֶ שעֶפּפער פונ'ם יודישעֶן טעֶאַטער האָבעֶן די „היסטאָריעֶ" געֶנומעֶן מיט פּרימיטיווע מיטלעֶן; דעֶם פאַקט האָבעֶן זײ פערפלאַכט, געֶמאַכט איהם מגושם'דיג, די היסטאָרישעֶ פערזאָנעֶן זעֶנעֶן געֶוואָרעֶן קלײַנשטעֶדטיל־דיגעֶ בעלי־הבתים.

די „היסטאָריעֶ" האָט אין זיך אַזוי פיעֶל וואָכעֶדיגעֶן וויץ, אַזוי פיעֶל נאַסעֶן־הומאָר, אַזוי פיעֶל וואולגאַריטעֶטעֶן; זי האָט אין זיך אויף אַזוי פיעֶל אָבגעֶשפּיגעֶלט דעֶם קלײנעֶם יאָמערליכעֶן גײַסט פון דער גרויער, העֶסליכער סביבה, אַז פון דער „היסטאָריעֶ" זעֶנעֶן געֶבליבעֶן נאָר די נעֶמעֶן פון די היסטאָרישעֶ פּאַרשוינעֶן.

פון דעֶם נעֶהמט זיך דער שרעֶקליכער חבוט־הקבר פונ'ם יודישעֶן טעֶאַטער.

פון דעם נעהמט זיך וואָס אונזער טעאַטער איז כמעט אַ טעאַטער פון איין קלאַס.

די שעפּפער פון דער וועלט־קולטור איז פריהער געווען די אַריסטאָ־קראַטיע, נאָכהער דאָס זאַטע בירגערטום. זיי האָבען געהאַט און האָבען איצט די פרייע צייט און די נויטיגע מיטלען פאַר דעם.

די נידעריגע קלאַסען פון דער געזעלשאַפט האָבען נאָך ביז אַהער זעהר וועניג געשאַפען, עס פעהלט זיי פּשוט אַלע בעדינגונגען, און וועלכע זייערע בעהאַלטענע קולטור־אוצרות זאָלען קאָנען אויפוואַקסען.

פון אויבען אַראָב איז די קולטור געגאַנגען, פאַרטיגעס האָט מען דעם פאָלק אַליין אונטערגעטראָגען און מיט דעם האָט מען געוואָלט ערציהען און אויפהויבען עס צו זיך.

אַזוי איז געווען אויך מיט'ן טעאַטער.

אונזער טעאַטער איז געבוירען געוואָרען אונטען, פאַר די העכערע קלאַסען האָט עס קיין ערציהערישע בעדייטונג, זיי זענען אויך לאַנג איבער־געוואַקסען אַזאַ טעאַטער, אויסערדעם זענען זיי ניט געוועהנט געהמען פון אַ קלענערען, לאָזען זיך לערנען פון אַ נידעריגערען.

און דאָס יודישע טעאַטער איז נאָך ביז היינטיגם טאָג אַ טעאַטער פון איין קלאַס פון דער יודישער געזעלשאַפט, עס איז דאָס טעאַטער פון די קלענערע שיכטען פונ'ם פאָלק, אַ טעאַטער, וואָס קאָן בעפרידיגען נאָר האַלב־ענטוויקעלטע מענשען.

דער אַרבייטער־שרייבער און דער אַרבייטער־שוישפּילער „אַרבייטען" פאַר די צוועהער־אַרבייטער.

די איבעריגע טהיילען פון דער יודישער געזעלשאַפט שטעהען ווייט פונ'ם יודישען טעאַטער, ווייל עס איז ניט קיין פאָלקס־טעאַטער, נאָר אַ טעאַטער פון אַ קליינעם טהייל פון יודישען פאָלק.

גאָרדין האָט צוגעצויגען נאָך אַ טהייל פון דער יודישער געזעלשאַפט צום יודישען טעאַטער: דאָס קליין־בירגערטום.

גאָרדין איז שוין אַ קינד פון אַ עטוואָס העכערען קלאַס און ער האָט צוגעצויגען „זיינע" אין יודישען טעאַטער. גאָרדין האָט אויך צוגעצויגען „זיין" אַרטיסט, — דער אַרטיסט בעל־הבית'ל האָט זיך בעוויזען אויף דער יודישער סצענע.

דער אַרטיסט, דער פרייער אַרטיסט, איז נאָך ניטאָ.

---

II

דאָס טעאַטער בכלל האָט זײַנע פּראָװיסזעצונגען.
עס מוז האָבען די גרויסע שטאָדט, װעלכע איז אימשטאַנד אָנפּילען דאָס טעאַטער יעדען טאָג מיט אַ פרישען פּובליקום.
פּובליקום מוז האָבען פרײַע צײַט, עס מוז האָבען דעם אָװענד פרײַ.
עס מוז איהם עקאָנאָמיש מעגליך זײַן צו בעזוכען פריהער די קאַסע, בעפאָר עס קימט אַרײַן אין טעאַטער.
די דרײַ עלעמענטאַר-בעדינגונגען זענען געשאַפען געװאָרען אין אַמע-ריקאַ; דורך דעם גרויסען אויסװאַנדערונגס-שטראָם איז ניו-יאָרק די גרעסטע יודישע שטאָדט אויף דער װעלט.
דער רוסישער יוד, קומענדיג אין אַמעריקאַ, האָט געפונען פאַרטיג די אַנדערע צװײַ בעדינגונגען: די סאָציאַלע געזעצגעבונג האָט איהם אין אָנהויב אָװענד אַרויסגעטריבען פון שאַפּ. עקאָנאָמיש איז געװאָרען װיכערער פרײַער און ער איז געװאָרען אַ טעאַטער-בעזוכער.
דעם רעפּערטואַר און די אַרטיסטען האָט געבראַכט מיט זיך פון רוס-לאַנד, ער האָט געבראַכט זײַן רעפּערטואַר, זײַן קלאַסען-רעפּערטואַר און זײַן ברודער דעם שױשפּילער.
ער האָט געבראַכט מיט זיך די אָפּערעטע, אַ פּעקיל משוררים און אַ האַלבען טוץ אַרבײַטער מיט „כלים".
די „אָפּערעטע" איז געװען דאָס ערשטע טעאַטער-שטיק פון יודישען טעאַטער, װעהרענד אין אײַראָפּעאישען טעאַטער האָט זי זיך בעװיזען שפּע-טער, נאָך דער גריכישער טראַגעדיע, נאָך דער קלאַסישער דראַמע און נאָך דער גרויסער אָפּער.
די אײַראָפּעאישע אָפּערעטע איז געבוירען געװאָרען ערשט דאַן, װען דאָס טעאַטער האָט זיך שוין בעפרײַט פון דעם רשות פון דער אַריסטאָ-קראַטיע און איז איבערגעגאַנגען צום גאַנצען פאָלק. די קלענערע און נידערי-גערע טײַלען פון פאָלק האָבען דאָרט בעשאַפען די אָפּערעטע לויט זײַער געשמאַק און זײַער ענטװיקלונגס-שטופע; לײַכטער מוזיק, אַ זעהר לײַכטער אינהאַלט, פרײַע, אויסגעלאַסענע בעװעגונגען, פּשוטע װערטער, אַנ׳אָרימער לעקסיקאָן, —דאָס האָט געפּאַסט פאַר׳ן קלײַנעם טעאַטער-בעזוכער, װעלכען מען האָט געקאָנט אַרײַנגאַרען אין „גוטען טעאַטער".
דער יודישער בעל-מלאכה האָט אויך בעשאַפען אַ בריאה, װאָס הײַסט

„אפערעטע", לויט זיין געשמאק און לויט זיינע עסטעטישע פאָדערונגען.
גראָב-פּרוס, קלאָציג-נאציאָנאליסטיש, נאריש-פרעהליך, אוננעלומפערט-אויסגעלאסען איז די יודישע אָפּערעטע.

דאָס גענגענווערטיגע, איינענע לעבען האט גיט געקאָנט בעשאפען די אָפּערעטע; צו גרויס, צו יאָמערליך, צו קליין און איינג איז עס געווען. האט מען זיך געווענדעט צו דער „היסטאָריע", ווי זי איז בעשריבען אין טייטש-חומש, ביי איהר גענומען דעם „סיושעט" און בעארבייט מיט דעם קליינעם גייסט, וועלכער קאָן זיך בשום אופן ניט בעפרייען פון דער וואָלעריגער סביבה און אויפהויבען זיך הויך.

דער היסטאָרישער פאקט איז מיט אַנ'אוננעהויערער נאאיוויטעט און מיט אַנ'אוננעהויערען קליינעם און מאָגערען פערשטאנד פערגרויזט, פערוואָכלערינט געוואָרען.

די „היסטאָריע" האט זיך פערקליבען אין שוסטער-גאס און האָט אָנגעהויבען סמאָלעווען דראַסטישע.

דער ערשטער אַמעריקאַנער דור האָט אָבער קיין אַנדער טעאַטער-בעשעפעניש ניט געקאָנט געבוירען. די יודישע אָפּערעטע איז אַ כשר קינד פון איהרע עלטערן, זי און איהרע עלטערן זענען ממש צוויי טראָפען וואסער. זי האט זייער שפּראך, זייערע בעווענונגען, זייער גלויבען, זייערע ליידען און שמערצען, זייערע שמחות און זייערע שטרעבונגען.

---

III

די היסטאָרישע אָפּערעטע איז אויפגעפּאסט סיי פונ'ם שרייבער סיי פונ'ם שוישפּילער גראָב רעאַליסטיש.

דער גרעסטער און שענסטער היסטאָרישער העלד האט בעקומען פון שרייבער אַ קליין בעל-הבית'יש נשמה'לע און פון שוישפּילער — אַ גרויס פּנים'ל, גראָבע בעווענונגען און אַ מארק-אַקצענט.

שמשון הגבור איז אין דער יודישער אָפּערעטע אַ ברוטאלער נפש, וואָס ניט פּעטש און קולאַקעס, ווען ער שטויסט זיך נאָר אָן אויף אַ באַק און אַ פּלייצע; אַ מין געזונדער, שטאַרקער וואוילער-יונג, פאַר וועמען דאָס גאַנצע שטעדטיל ציטערט.

יעקב אבינו איז נאאיוו, ישיבה-בחור'ש, אָבער שלוי ווי אַ פוקס. עשו פערשטעהט קיין חכמות ניט, ער איז גראָב, ציניש, נאריש און אָנשטאָט

אַ מויל האָט ער געזונדרע פויסטען.

דוד המלך און שלמה המלך זענען בײדע שענע בעל-הבתּים, דער ערשטער אַ ביסעל אַלט-מאָדיש, דער אַנדערער אַ ביסעל פערדרײַטשט.

די היסטאָרישע אָפּערעטע איז אַ קאַלײדעסקאָפּ פון פערשידענע טיפּען פון דער יודישער גאַס, בעל-הבתּים גרויסע און קלײנע, שוסטער, שנײַדער, וואוילע יונגען, נוטמוטיגע בעל-הבית'טעצקעס, ארורות, פאַלשע ווײַבער, ווײַבער וואָס חנ'דלען זיך יודישליך, מײדלעך, וואָס קאָקעטירען קלאָציג.

גאָרדין האָט געפונען אויף דער יודישער בינע זײַנע אַלע "העלדען" און טיפּען פאַרטיג.

דער אײראָפּעאישער שוישפּיעלער האָט זיך אַלײן געמוזט ברעכען, ווען ער איז איבערגעגאַנגען פון דער קלאַסישער דראַמע צו דער רעאַליסטישער; דער גרויסער זשעסט, די שטײַפע ריטערישע האַלטונג, דער פּאַטאָס האָבען געמוזט ווערען געענדערט און געמינדערט. ער האָט געמוזט איבערגעהן פון "שפּיעלען" צו דער נאַטירליכער שילדערונג פון דעקלאַמירען צום פּשוט'ן רײדען.

דער יודישער שוישפּיעלער האָט די קלאַסישע שטריכען אין זיך קײנמאָל ניט אײַנגעזויגען, ער איז ניט געווען איבערנאַטירליך, נאָר איבערטריבען נאַטירליך, די שאַרזשירטע נאַטירליכקײט האָט געהערט אויך דער יודישער סצענע.

גאָרדין האָט נעדאַרפט אַראָבנעהמען פון יודישען שוישפּיעלער דעם טריקאָ, די פּאַפּירענע היטלען, צונעהמען בײַ איהם דעם הילצערנעם שווערד, הײסען איהם זיך אָנטהון נאַטירליך, אין גאַסען-קאָסטיומען, און שפּיעלען דיזעלבע טיפּען, וואָס ער האָט געשפּיעלט אין דער אָפּערעטע.

דער יודישער שוישפּיעלער האָט עס געטהון אָהן יסורים, ער האָט ניט געבראָכען קײן אַלטע געטער פון קונסט און האָט זיך ניט אָנגעהויבען בוקען צו נײַע.

אין גאָרדינס דראַמען האָט דער שוישפּיעלער געפונען זײַנע אַלטע, בעקאַנטע טיפּען, פלאַכע בעלי-הבתּים, נאַרישע מלמדים, אידיאָטישע ישיבה-בחורים, גראָבע רבנים, קלוגע שנײַדער, ערליכע שוסטער, צאַרטע דינסטמײדלעך, פײַנפיהליגע דאָרפס-מוידען און פערדאָרבענע בעלי-הבית'ישע "באַרישניעס".

פאַר'ן שוישפּיעלער האָט זיך כמעט ווי גאָר ניט געביטען.

פאַר'ן יודישען טעאַטער-בעזוכער האָבען זיך נאָר געביטען די דעקאָראַציעס און די קאָסטיומען.

גאָרדין איז אײגענטליך געבליבען בײַ דער אָפּערעטע, ער האָט נאָר

דעם קופּלעטיל און דאָס זיננעלך אַרויסגעוואָרפען.

ער האָט זיך געהאַלטען שטאַרק בּיי דער מעטאָדע פון דער אָפּערע־טע; די אָפּערעטע האָט די „היסטאָריע" פערגאַסט, פערוואַלערינט, האָט איהר אַ ווידער־טעם פון מאַרק און גאַס געגעבען, — דאָסזעלבּע האָט גאָרדין געמאַכט מיט דער קלאַסישער דראַמע.

„דער יודישער קעניג ליער", „גאָט מענש און טייוועל" זענען פערפלאַכ־טע קלאַסישע ווערק.

ווי אין דער אָפּערעטע זאָל שלמה המלך געוואָרען אַ קלוגער בּעל־הבּית, אַזוי איז דער קעניג ליער געוואָרען אַ בּעל־הבּית פון דער יודישער גאַס; דער גרויסער פויסט איז געוואָרען אַ סופר, אַנ'אָרימער נאַרישער סופר.

קיין אַנדערן קעניג ליער, קיין אַנדערן פויסט וואָלט ניט דער יודישער שוישפּיעלער, ניט דער יודישער טעאַטער־בּעזוכער ניט משיג געווען, פּשוט ניט פערשטאַנען.

וואָס איז אָבּער געבּליבּען פון די גרויסע קלאַסישע דראַמען?

דאָסזעלבּע, וואָס איז געבּליבּען פון די גרויסע היסטאָרישע פיגורען אין דער „אָפּערעטע".

קעניג ליער איז אַ מאַיעסטעטישע פיגור, ער איז אַלעגאָריש און עס פּאַסט צו איהם די גאַנצע אַלעגאָרישע ענטוויקלונג פון דער דראַמע, אַ אַלע־גאָרישער חן שטראַהלט אַרויס פון קעניג אויף די גאַנצע האַנדלונג.

ווי יאָמערליך, ווי בּאַנאַל איז דער יודישער קעניג ליער מיט זיינע טעכטער און אייִדמים און, נאַטירליך, ווי אונגעלומפּערט, ווי גראָבּ נעהט אַרויס די ענטוויקלונג פון דער דראַמע!

גאָרדין האָט פערניכטעט די אַלעגאָריע, אַראָבּגעריסען פון די פיגורען זייער מאַיעסטעטישע מאַסקע, אָבּגעמעקט דעם גרויסען קלאַסישען צוג, און עס איז געבּליבּען אַ בּערגיל נודנע נפשות, וועלכע גרינצלען עפּעס אַזוי משונה'דיג, אַזוי בּאַרבּאַריש, אַז אַנ'עקעל פּאַקט דיך און דאָס האַרץ וויינט אויפ'ן חורבן פון אַ גרויסען ווערק.

פון פויסטס גרויסער געשטאַלט און טיעפער נשמה איז געוואָרען אַ תם'עוואַטער סופר, פון זיין וואָרט, וואָס דונערט, וואָס דאָס וועלט־פּראָבּ־לעם לעזען וויל, איז געוואָרען אַ טומפּער וויץ.

מעפיסטאָפעל דער בּייזער וועלט־גייסט איז אויך שרעקליך בּעליידיגט געוואָרען; אַ בּעל־הבּית'ל, וואָס שפּעקולירט מיט לאָטעריע־צעטלען און האַנדעלט צו מיט הערינג. דאָס איז דער פויזענדער גייסט, וועלכען עס

רײַצט ניט דאָס גרויסע, דאָס אונענדליכע, דאָס אײביגע, דאָס אונפערשטענדליכע; ער זוכט אוים דאָס קלײנליכע, דעם טפל, ווײַל דאָס איז איהם פערשטענדליך, דאָס איז איהם נאָהענט.

דער ספור-המעשה איז דער עיקר!

גאָרדין האָט ניט אויפגעהויבען דעם יודישען שוישפּיעלער און טעאַטער-בעזוכער, ער האָט איהם ניט בעוויזען די בלענדע שענקײט, פּראַפירענדען רײַך; פערקעהרט, ער האָט זיך אַראָבגעלאָזען צו זײ און געמאַכט דאָס, וואָס זײ האָבען פערלאַנגט.

אין זײַנע אָריגינעלע דראַמען בלײַבט גאָרדין ווײַטער געטרײַ זיך, דעם שוישפּיעלער און דעם יודישען טעאַטער-בעזוכער.

עס הערשט דאָרט אַ קרעטערישע אויפפאַסונג פון דער יודישער געזעלשאַפט, פון מענשען און לײַדענשאַפטען.

דער „מענש" איז אַזוי קלאָר, אַזוי פערשטענדליך בײַ גאָרדינען, ער איז אַלע מאָל אַזוי „קאָנזעקווענט", אַזוי לאָגיש, אז מען קאָן אין ערשטען אַקט פאָראויסזאָגען, וואָס פאַר אַ „סוף" ער וועט האָבען.

די לײַדענשאַפטען, די לײַדען, די שמחות בעגלײַטען גאָרדינס „מענשען", ווי די וואַגאָנען דעם לאָקאָמאָטיוו: דער מענש שלעפּט נאָך זיך אַ ווילד-פרעמדען פּעקיל, ווײַל ער איז אַ חסיד, אַ מתנגד, אַ דאָרפסמאַן, אַ שנײַדער, אַ שוסטער.

גאָרדינס מענש קומט אויף דער וועלט אַ חסיד, אַ מתנגד, אַ סוחר, ער קומט מיט זײַן פּאַראַלעל; דער „מהיכי-תיתי", דער „האָדי", דער „דלות-דלות", דער מיט אַ פּאַראַלעל און פּרינציפּען פון אַ קאָמערטשעסקין מענש.

און דער גאַנצער תכלית פון זײַן קומען אויף דער וועלט איז נאָר זאָגען זײַן „ווערטעל".

דאָס „ווערטעל" אין גאָרדינס דראַמען איז די הויפּטזאַכע, דאָס איז די כאַראַקטעריסטיק, אין איהם ליעגט די נשמה פון מענשען.

און ווען מען נעהמט צוזאַמען אַזאַ פּעקיל מיט פּאַרשוינען און מען פלעכט פון זײ אַ דראַמע אין פיער אַקטען, בעקומט זיך אַ גראָב, קלאָציג געוועבס, אַ געוועבס, וואָס פּאַסט פאַר'ן גראָבען קערפּער פון דעם קלײן-בירגערטום.

דער מענש אַלײן איז קײן פּראָבלעם ניט. איז אַ יודישער רב רען אַ מענש, און וועלכען מען קאָן אויפרעקען עטוואָס?

קיין אַנדערע פּראָבלעמען, סאָציאַלע, עטישע, סעקסועלע זענען גאָר ניט בנמצא; עס איז אַ וועלטיל פון שדוכים, פון פאַמיליען-לעבען, און שדוכים זענען פאַראַן פערשידענע: גלייכע (זעלטען), קרומע, גוטע (אויך זעלטען), שלעכטע און גלאַט משונה'דיגע. עס זענען דאָ קינדער גוטע (וואָס ריידען סאַנטימענטאַל), שלעכטע, ווייכע און האַרטע.

און דאָס איז דאָס „מאַטעריאַל" פאַר דער בירגערליכער דראַמע.

דאָס אייגענע קרעמעל, זיין בעל-הבתישקייט איז ביים בירגער זיין וועלט, קיין אַנדערע ווייס ער ניט און וויל ניט וויסען.

אין „מירעלע אפרת" איז פאַראַן אַ ניט-געראָטענער שדוך, אין „חאַסיע די יתומה"—אַ קרומער שדוך, אין „די שחיטה"—אַ שלעכטער שדוך, אין „קרייצער סאָנאַטאַ" — אַ מאוסער שדוך; אין „געבּרידער לוריא" ווערט צוזאַמענגעפיהרט אַ גוטער שדוך, אין „גאָט, מענש און טייוועל" גט מען זיך און מען טהוט אַ שדוך, איינער איז אַראָב כשורה, דער אַנדערער נעביך ניט; אין „אונבעקאַנטען" אַ אינגעלומפערטער שדוך.

הכלל דאָס יודישע-לעבען קאָכט און ברויזט פון שדוכים!

אין יודישען לעבען זאָגט מען ווערטלעך, מען קוילעט און מען שיסט זיך.

די בעסטע דראַמע גאָרדינס „מירעלע אפרת" איז די קלענסטע בירגער-דראַמע. מירעלע איז אַ יודענע מיט חאַראַקטער; זי קומט אין סלוצק און הייסט שטעלען אַ חופה ביי זיך אין אַכסניא! זי רעדט פון זיך מיט גרויס דרך-ארץ, שלמה'ן רופט זי גנב און האָט איהם סאַנטימענטאַל ליעב, די קינדער האָט זי ערצויגען פאַר איינפאַכע אידיאָטען, כדי זי זאָל קאָנען זיי פאָטירען, ווען זיי וועלען האָבען בערד, צו מחלה'ן רעדט זי מיט'ן שטעקען און מחלה איז איהר בעסטער גוטער פריינד.

אַ ברייטע האַנד האָט זי און האַלט זי פערמאַכט, תהלים זאָגט זי, ווען דאָס וואַסער קומט שוין צום האַלז, אין כעס ווערט זי, ווען מען קריכט איהר אין לעבער אריין.

דאָס איז דער אידעאַל פון אַ בירגערליכער פרוי!

איין פיינער שטריך איז אין מירעלען ניט אויפגעדעקט געוואָרען, אלץ איז פערלעגט מיט'ן גרויסען שטויב פון בירגערליכען לעקסיקאָן, פון בירגער-ליכען פערשטאַנד.

דער מוסר השכל איז, אַז מען פאָלגט אַ קלוגע מאַמע, האָט מען אַ ביטערען סוף, קינדער פערלירען דאָס פערמעגען, ווערען אָרים.

אַ מאַמע בלייבט אָבער אַ מאַמע, מיט שטעקענס ווערסטו ניט אַרויס-

טרייבען די ליעבע צו קינדער פון איהר. קאָנען די קינדער זי ניט מילדערן, איבערבעטען, טאָ ווארט; זי וועט ווערען א באָבע, וועט קומען דער אייניקעל און וועט זי גובר זיין!

דריי — פיער טיפען פערמאָגען גאָרדינס דראַמען.

בצלאל ראַפּאָפּאָרט און גדליה פון די „געבּרידער לוריא" זענען צוויי לייבּליכע ברידער. נחום׳צע חנה־דבורה׳ס און מאָטיע שטרייכעל זענען זעהר נאָהנטע קרובים.

איין רב און איין רביצין אין אלע דראַמען.

פון איין בירגערליכער דראַמע האָט גאָרדין בעשאַפען דעם גאַנצען היינטיגען יודישען רעפּערטואַר.

---

# IV

הויפּטמאַן קאָן אונז ניט דיענען אַלס מוסטער אין דער טעכניק פון רעאַליסטישער דראַמע; ווי פערשיעדען הויפּטמאַנס טעאַטער־שטיק זענען, אַזוי איז אויך פערשיעדען זייער טעכניק.

פון די „וועבער" ביז „דער פערזונקענער גלאָקע" ליעגט אַן׳אונגעהויער גרויסער וועג, צווישען „פוהרמאַן הענשעל" און „האַנעלעס הימעלפאָהרט" ליעגט א גאַנצע וועלט.

נאָר איבסען, נאָר ער קאָן זיין דער מייסטער אין דער טעכניק פון דער רעאַליסטישער דראַמע.

איבסען האָט זי אייגענטליך בעשאַפען, ער האָט זי „אונערבאַרימליך" קאָנזעקווענט דורכגעפיהרט.

בלויז אויף דער יודישער ביהנע איז גאָרדין דער „סצעניששטער" דראַמאַטורג, אַזוי זאָגען אונזערע אַרטיסטען.

גאָרדינס דראַמען זענען רעאַליסטישע דראַמען און די טעכניק זייערע מוז זיין א רעליסטישע.

נאָר אויך אין דיזער הינזיכט האָט גאָרדין געהאַלטען חברותא מיט׳ן אמערעטען־שוישפּיעלער און מיט׳ן יודישען טעאַטער־בעזוכער.

דער הויפּט־פּרינציפּ פון דער טעכניק פון דער רעאַליסטישער דראַמע איז, זעלבּסטפערשטענדליך, רעאַליזם: די ווירקליכקייטס־עהנליכע האַנדלונג, בעוועגונגען און רעדען, — דאָס זענען די עלעמענטאַרסטע פאָדערונגען, וואָס מען שטעלט יעדער רעאַליסטיש׳ע דראַמע.

דער מאָנאָלאָג, דאָס ריידען פאר זיך כוועהן אויסגעוואָרצעלט ווערען.
איבסען האָט בעקעמפפט דעם נאריש'ען מאָנאָלאָג און דאָס אונגאטיר־ליכע ריידען צו זיך אין דער דראמע.

אין איבסענס „געשפענסטער" (גייסטער) לאָזט איבסען דעם פאסטאָר פרינציפיעל ניט ריידען צו זיך ביי אזא סיטואציאָן, ביי וועלכער קיין דראמאטורג וואָלט ניט אויסגעהאַלטען.

דער פאסטאָר האָט א געשפרעך מיט דער שטוב־מיידעל רעגינא, ער ווערט איבערראשט פון דאָס מיידעל, דאָס שטילע מיידעל קאָקעטירט, אין די אויגען ליעגט ניט דער בלאָסער, פייכטער גלאַנץ פון איהר כלומר'שטען פאָטער דעם סטאָליאר. דער פאסטאָר דערקענט אין דאָס מיידעל א קינד פון דעם דעגענערירטען אדעל. ער ווערט צומישט און שיקט דאָס מיידעל רופען די ווירטין. ער בלייבט אַליין און רעדט קיין וואָרט ניט.

זאָל ער חאָטש זאָגען: „דאָס מיידעל האָט מיך איבערראשט".

קיין וואָרט!

איך וויל ניט גלייכען גאָרדינען צו איבסען! נאָר ביי דעם פרינציפּ פון דער טעכניק אין דער רעאליסטישער דראמע, וועלכע אַלע האָבען אָנגענומען, מוז זיך יעדער רעאַליסטישער דראמאטורג האלטען.

וואָס ריידען ניט אויס גאָרדינס רעאַליסטישע פארשוינען, ווען זיי בלייבען אַליין אויף דער ביהנע. דאָס דראמאַטישע ביי גאָרדינען גיט צו פיהלען גאָרדינס א העלד, ווען ער בלייבט אַליין אויף דער ביהנע.

חאַסיע די יתומה קלייבט זיך סמ'ען. וואָס טהוט א טענש ווען ער געהט זיך סמ'ען?

צורעדט ער זיך לאַנג, נונרע צו זיך און מאַלט די דראמע שטאַרק. צושרייט ער זיך, צעוויינט ער זיך, ווערט די דראמע נאָך מורא'דיגער; מענה'ט זי צום קינד און דערשטיקט עס, — ווייטער קאָן שוין די דראמע ניט געהן און זי סמ'ט זיך.

די דראמע איז לויט זיין טעכניק כמעט שטענדיג עפּיזאָדיש, ד. ה. דאָס גרייפט אַרויס נאָר איין טהייל פון מענשענס לעבען, פון מיטען, פון סוף, אמאל פון ביידע טהיילען. אין א דראמע קאָן מען ניט זיין ערצעהלעריש, און עס פעהלט אין איהר די פערגאַנגענהייט פון די פערזאָנען.

דער דראמאטורג זעהט אָבער, אַז די פערגאַנגענהייט זאָל זיין קלאָר און דייטליך, כדי די געגענווערטיגע האַנדלונג זאָל זיין פערשטענדליך און נאַטירליך.

דער דראמאַטורג צוויי'הט די פערגאַנגענהייט איבער דער גאַנצער דראמע,

ער הויבט עס ניט אויף איין ארט, ער לאָזט , אז איינער זאָל עס ערצעהלען דעם פובליקום .

אין איבענסנס דראמאטישע עפילאָגען , וועלכע זענען מייסטענס דער סוף פון א לעבענס-דראמע , וועלכע האָט א סאָציאלע בעדייטונג , איז דער אָנהויב , דער מיטען פון דער דראמע אזוי קלוג , און אזוי טאלענטפאָל צו-וואָרפען איבערן דראמע , אז אלץ איז קלאָר און פונדרעסטוועגען קאָנט איהר ניט אָנזוייזען, פון וועלכען אָרט אין דראמע האָט ארויסגעשטראָמט אזוי פיעל ליכט אויף די פערגאנגענהייט .

דער סוף פון א דראמאטישער פיגור איז ניט אָבגעשניטען פון דער פערגאנגענהייט , זיי זענען איינג פערבונדען ; ווען די פיגור איז שארף גע-שילדערט, דאן איז זי קלאָר אין אלע פעריאָדען פון איהר לעבען .

גאָרדין מאכט אזוינע זאכען מיט זיין געוועהנליכער פשטות און פלאַקייט ; ער לאָזט ארויס א פארשוין און הייסט איהם פערצעהלען ער-שטענס וואָס איז געוועזען , ווי אזוי דאָס איז געוועזען און ווי וואָלט עס זיין .

„קלאסיש" איז אויך גאָרדין אין זיינע ביהנע-סיטואציאָנען . „צוויי וועלטען" שפיעלען ביי איהם אלע מאָל צוזאמען , א קאָמעדישע און א דרא-מאטישע .

זיי טרעטען ניט אָב איינע פון אנדערן, ווי א שאָטען נאָך א מענשען .

„ארבייט" א וויינענדער פארשוין אויף דער ביהנע, מוז דער קאָמישער זיין דערביי און לאכען .

קאָן דער קאָמישער גראָדע ניט לאכען , ווייַנט ער אזוי קאָמיש , אז דער עולם לאכט . דאָס געוויין מוז בעגלייט ווערען פון א געלעכטער .

מייסטענס ווירקט עס ציניש גראָב , ביידע פארשוינען מאכען קיין איינדרוק ניט , ביידע שוואכען אָב איינער דעם אנדערן .

גענומען האָט עס גאָרדין פון דער קלאסישער דראמע .

דער „נאר", דער „לץ" האָט אלע מאָל בעגלייט א מאיעסטעטישע דראמאטישע פערזאָן .

גאָרדין האָט קיין רחמנות ניט געהאט אפילו אויפ'ן קלאסישען „נאר" : ער האָט איהם פערפלאכט ווי די „קלוגע" קלאסישע פערזאָנען .

דער נאר אין דער קלאסישער דראמע איז לגמרי קיין נאר ניט ; ער איז מייסטענס דער בייסענדער סקעפטיק , דער גיפטיגער סאטיריקער , ער ווערט אלע מאָל ארויסגעשטעלט נעגען די סאנטימענטאליטעט און נאאיווי-טעט פון זיין הערן .

ביי גאָרדינען איז ער אלע מאָל א פשוט'ער שוטה .

נחומצי חנה-דבורה'ס , מאַטיע שמרײַכל , שמילי , שלמה היץ , ראַ-חמיליק , וולאַדימיר וואָראָבײַטשיק ,— דאָס זענען די געפּאַלענע קלאַסישע „נאַראָנים" .

גאָרדינס נאַראָנים זענען נאָהענט דעם הײַנטיגען יודישען שוישפּיעלער און דעם יודישען טעאַטער-בעזוכער .

70 דראַמען האָט גאָרדין געשריבען און אין זיי אַלע זענען נאָר פּאַר-האַן אַ האַלב צענדליג מענשען .

די יודישע יוגענד מיט איהרע יונגע לײַדען און שמערצען , די יודישע גײַסטליכע אַריסטאָקראַטיע מיט איהר קינדישער רײַנקײַט , מיט איהרע הויכע וועלט-אידעאַלען , די מאָדערנע יודישע פרוי מיט איהרע בענקעניש נאָך אַ נײַען , פרײַען לעבען , דער יודישער אינטעליגענט מיט זײַן צוריסענער נשמה , דער נײַער יודישער אַרבײַטער מיט זײַן נײַען , שטאָלצען בעוואוסט-זײַן ,—די אַלע זענען נימאָ אין גאָרדינס דראַמען , זיי אַלע זענען פרעמד דעם יודישען שוישפּיעלער און דעם קלײַן-בירגערליכען פּובליקום , וועלכע קומען לאַכען אין טעאַטער .

אַ פּאָר בעל-הבתים, אַ רב , אַ רביצין, אַ פּאָר פערשימעלטע מלמדים, אַ פּאָר שוסטער און שנײַדער דרעהען זיך אַרום אויף דער יודישער בימ:ע שוין אַ צענדליג יאָהרען . אָוועגד אין אָוועגד ווײַזט מען זיי דעם פּובליקום .

פרצ'עס יודען , יודישע פרויען-געשטאַלטען קאָנען זיך ניט ווײַזען אויף דער יודישער בימ:ע : ניט דער שוישפּיעלער וועט זיי שפּיעלען, ניט דאָס איצטיגע פּובליקום פון יודישען טעאַטער וועט זיי פערשטעהן .

אויף דער יודישער בימ:ע קעניגט דער וויץ , דאָס ווערטיל . דער וויץ איז גאָרדינס , פלאַך און טומפּ , דאָס ווערטיל איז ברוטאַל און עקעל-האַפט .

דער וויץ איז די דראַמע , דער וויץ איז די הויפּט-זאַכע בײַם שוי-שפּיעלער !

גאָרדינס וויץ איז ניט דער בליצענדער , צווײַדײַטיגער בימ:ען-וויץ , וועלכער לאָזט די פאַנטאַזיע שפּיעלען און וועלכער צווינגט צו נאָכדענקען ; עס איז דער קלאָרער פערשטענדיגטער וויץ , דער וויץ, וואָס רײַסט אַרויס אַ האַסטיגעס לאַכען אויף אַ רגע און באַלד פערגעסט מען איהם .

אין דער יודישער ליטעראַטור האָבען מיר שוין לאַנג איבערגעלעבט דעם השכלה-פּעריאָד מיט זײַן זיסקײַט און נאַאיוועד התפעלות פון בילדונג און פערביטערונג און ציניזשער בעציהונג צו דעם אַלטען יודענטום און זײַנע פאַנאַטישע טרעגער. אין גאָרדינס דראַמען איז די גאַנצע השכלה-אויפפאַסונג

דער הויפט־מאָטיוו.

די יוגענד, וואָס שטרעבט צו בילדונג מיט אַ נאַרישער סאַנטימענטאַליטעט, איז שען, פיין און אידעל; דער פאָטער איז פאַנאַטיקער, פערדאָרבען, דער רב איז נאַריש און לא־יוצלח׳דיג, דער רײַכער חסיד איז פאַלש ווי אַ פוקס און שלעכט ווי אַ טיגער.

אַ פאַטאָסדיגער געשרײַ פון יונגלעך געגען „אַלטע שמאַטעס“ (דער ווילדער מענש), אַ בעגײַסטערטע יאָגעניש נאָך ענטדעקונגען, אַ מאַשינע, זואָס ווערט בעטראַכט אַלס דבוק פון פאַנאַטיקער (דער מטורף).

קיין לירישע מאָמענטען, קיין נאַטירליכע אינערליכע וואַרימקײַט, קיין הערצליכע שטרעבונגען, נאָר געשרײַען און געפילדער מיט אַ ים פון הויכע, גאָר אינהאַלטסלאָזע ווערטער, וועגען אַלע שענע פרײַהײַטען און אידעאַלען (סאַפאָ).

די פלאַכסטע בריאה רעדט די שענסטע ווערטער, ווײַל ער איז נאָך גאָרדינס מײַנונג עהרליך. דער בעגריף „עהרליך“ אין קונסט איז אַ השכלה־בעגריף, וועלכער פאַלט צוזאַמען מיט די בעגריפען פון מאָראַל פון דעם קליין־בירגערטום.

יעדער, וואָס טוט עטוואָס, וואָס ס׳קאָן נאָר אויפרײַצען פאַנאַטיקער, איז ער שוין מיט דעם אַלײן הויך, אײַדעל און שען, ער איז שוין מיט דעם אַלײן בײַ גאָרדינען אַ העלד.

די יודישע פאַמיליע, די קאַנוועס אויף וועלכער גאָרדין האָט געוועבט זײַנע דראַמען, איז ניט די פאַמיליע, וועלכע איז אײַנג פערבונדען מיט דער געזעלשאַפט, עס איז ניט די פאַמיליע דער קערן פון דער געזעלשאַפט, עס איז ניט די פאַמיליע, פון וועלכער די גאַנצע יודישע געזעלשאַפט איז ענטשטאַנען און וועלכע שפיגעלט אין זיך אָב אַלע ערשײַנונגען פון אונזער געזעלשאַפטליכען לעבען.

עס איז ניט די פאַמיליע, וועלכע ענטוויקעלט זיך כסדר און נעהמט אָן כסדר נײַע פאָרמען, אין וועלכע עס דרינגען אַרײַן נײַע געזעלשאַפטליכע און עטישע אידעען, נײַע שטרעבונגען, נײַע האָפנונגען.

מיר זעהען בײַ גאָרדינען ניט דעם חורבן פון דער אַלטער פאַמיליען־אָרדנונג בײַ יודען און מיר זעהען ניט די אויפבויאונג פון דער נײַער; ניט די לײַדען פון חורבן, ניט די פרײַדען פון אויפבויען פיהלען מיר.

די יודישע פאַמיליע בײַ גאָרדינען איז עפּעס אַ מין צופאַל: עס לעבט בעזונדער אַזאַ מין פאָטער, האָט ער אַזאַ און אַזאַ מין טאָכטער, פערפּלאָנטערט זיך די טאָכטער מיט אַ שידוך און עס ווערט אַ דראַמע.

איבסען האָט אויך געשריבען דראַמען. „נאָ־אָ“, „דער סײַסטער

סאָלנעס" , „די ווילדע ענטע" זענען אויך פאַמיליען-דראַמען .

נאָר איבּסענס פאַמיליע איז ניט קיין צופאַל ; זי איז פערבּונדען אייננ מיט דער געזעלשאַפט , די ליידען און שמערצען פון דער מאָדערנער געזעל-שאַפט זענען די ליידען פון איבּסענס פאַמיליע.

נאָרא וויל ניט מאַכען פון איהר ליידען א קליינעם פאַמיליען-סקאַנ-דאַל , — זי מאַכט פון דעם אַ געזעלשאַפטליכע אונגערעכטיגקייט ; בּשעת זי צובּיזוערט זיך מיט איהר מאַן, קריטיקירט זי ניט נאָר איהם, נאָר די גאַנצע געזעלשאַפט .

פון דער פאַמיליע בּילדעט זיך די געזעלשאַפט , די פאַמיליע איז די געזעלשאַפט אין אַ קלענערן פאָרמאַט !

גאָרדינס פאַמיליען-דראַמע איז אייגענטליך אַ חראָניק-סקאַנדאַל, וועלכע ווערט געדרוקט מיט קליינע בּוכשטאַבּען און פערנעהמט דריי שורות.

דער פאַקט אַליין איז דער עיקר, דאָס דראַמאַטישע און טראַגישע איז די הויפּט-זאַכע אין גאָרדינס דראַמען .

גאָרדין האָט אַלץ פערפלאַכט און האָט אויך פערפלאַכט די יודישע פאַמיליע , די פאַמיליע , וואָס שאַפט דאָס מאָדערנע יודישע לעבען .

---

גאָרדין האָט זיינע אַרטיסטען , בּיים מעהר אָדער וועניגער יודישען בּעוואוסטזיניגען אַרטיסט איז גאָרדין דער גרעסטער דיכטער אין דער וועלט, ניט מחמת ער פערשטעהט איהם ניט, פערקעהרט, ווייל גאָרדינען פערשטעהט ער און קיין אַנדערע האָט ער ניט געזעהען און ניט געלעזען .

דער יודישער אַרטיסט איז דאַנקבּאַר גאָרדינען פאַר דעם כבוד , וואָס איינינע נאַאיווע גיבּען זיי, און פאַר די שבחים, וואָס געשמאַקלאָזע קריטיקער זאָגען זיי נאָך .

ער האָט דעם יודישען אַרטיסט נאָר בּעוויזען אייראָפּאַ , ער האָט איהם אָבּער ניט אַריינגעפיהרט אין איהר .

אַלס פערזענליכקייט האָט גאָרדין געהאַט אַ גרויסען איינפלוס אויף די יודישע אַרטיסטען , אַזאַ איינפלוס , אַז זיי וועלען זיך פון איהם קיינמאָל ניט בּעפרייען .

עס מוז קומען אַנ׳אַנדער דור אַרטיסטען , וועלכער האָט ניט געקאָנט גאָרדינען ; מיט דעם דור וועט זיך אָנהויבּען אַנ׳אַנדער פּעריאָד אין יודישען טעאַטער .

די היינטיגע אַרטיסטען זענען גאָרדינס לויט זייער ענטוויקלונג , לויט

זײערע פעהיגקײטען און לויט אבשטאמונג.

פינסקי האט געמאכט אײן קלײניטשקען טריט װײטער פאר גארדינען, און אלע ארטיסטען האבען זיך אבגעקעהרט פון איהם; ליבין נעהט גלײך מיט גארדינען, און ער איז דער געשװארענער דראמאטורג אויף דער יודישער ביהנע.

פרצ׳ן, אש׳ן האט די יודישע ביהנע; אינסטיקטיװ פיהלט דאס הײנטיגע יודישע טעאטער, אז די װילען בויען דאס נײע יודישע טעאטער, א נײע יודישע סצענע, אויף װעלכער עס װעט ניט זײן קײן פלאץ פאר זײ.

ד״ר א. מוקדוני.



# פון יַם.

בײַם בּרעָג ים, אִין אַ קלײַן הילצערן סִיט גענעצן פערהאָנגען היַיזעל, װאוינט אַנ'אָרימע פּישער־פאַמיליע. אײַנזאַם, װײַט פון גאָטס װעלט און אידער געטימעל לעבען זײַ דאָ...

פריהמאָרגען. עס גראָהט. די נאַלט־שאָטענס, װאָס האָבען אין זיך אײַנגעזאַפּט דאָס שרעקליכע ברומען, צעשװימען אײַנציגװײַז.

דער פּישער ים, מיט מאָרגען־שײַן בּעגאָסען, װערט ענטפּלעקט. אַ זילבּערנער שױם װיעגט זיך אױפ'ן בּלױען װאַסער־שפּיגעל, פון װאַנען ס'הױבּען זיך װײַס־געקרײַזעלטע פּאַליעס און יאָגען זיך שױמענדיג צום בּרעג. שװימט דער פּישער שטיל פון צװישען די פּעלזענס אַרױס, װיעגט זיך אױפ'ן שיפעל איבער די פּאַליעס אַװעק פון איבער אײַן רוקען אױפ'ן צװײטען און װערט ערגעץ אין דער אונענדליכער גרױסקײַט פערלױרען. און אין אָװענד, װען די לעצטע גלאַנצען פון דער אונטערגעהענדיגער זון לעשען זיך אױף די פּאַליעס, װאָס פערציהען זיך אײַנציגװײַז מיט שאָטען, און אַ בּײזער מיט נאַכט פערגאָסענער שױם רײַסט זיך מיט װאוט אַרױס פון דעם אין אײַן גרױסקײַט צונױפגעקנױלטען ים און װאַרפט זיך צורײַצט אױף די פּעלזען, — שפּראָצט אױף ערגעץ אױפ'ן פינסטערן האָריזאָנט אַ װײַס פּײַערל, װאָס טיקט זיך און װערט פערגאָסען אַלע מאָל אין דער בּרײַטער זיך װיעגענדיגער גרױסקײַט און בּליהט װײַטער ערגעץ אױף אױף אַ פּאַליע, בּיז עס גראָבּט זיך שױן קלאָרער אַרױס דער שװאַרצער שאָטען פון'ם שיפעל און װיעגט זיך אױף און אָב מיט אַ רױכערדיגען פּײַער־פאַקעל איבער'ן שװאַרצען זידיגען שױם, פערשפּינענדיג אַרום זיך אַ מאַטען פערסוד'עטען שײַן, װאָס פערציהט און בּעװעגט זיך שװאַך איבער די צונאָסענע פּאַליעס...

* *

*

אָווענד . ס'האָט זיך אַ בײַזער שוים מיט'ן שיפּעל ערגעץ פון דער טיעף־פינסטערער מוטער־נאַכט אַרויסגעגאָסען , עם אויפ'ן זאַמדיגען ברעג איבערגעלאָזט און שטיל און צופריעדען צוריק זיך אין דער פערנעבעלטער פינסטערניש אַרײַנגעצויגען . ס'שפּרינגט דער פישער פון שיפעל אַרויס , שלײַדערט ערגעץ אַוועק דעם רודער און לאָזט זיך מיט האַרטע אײַנזאַמע טריט צו , צו אין פינסטערניש פעזונקענעם הײַזעל , וואו אַ פײַער צוגיסט זיך אומעטיג צווישען אַ הויפען פערטריקענטע דערנער און וואַרפט אַ רויטען שײַן אויף אַ באַרג צעוואָרפענע נעצען , אויף וועלכע ס'זיצט די פישערין , האַלב דרימעלדיג , מיט פערלעגטע הענד , און קוקט נישט־בעוואוסטזיניג ערגעץ אין דער פינסטערניש אַרײַן .

אין דער האַטע עפענט זיך פּאַמעליך אַ טיר , פון וואַנען ס'בעווײַזט זיך אַ מײַדעלע . דערזעהענדיג איהם , לויפט זי צו און וויל זיך אויף איהם אַרויפוואַרפען ; ער נעהמט זי אָבער שוואַך אָן בײַ דער האַנד און פיהרט זי צו צו די נעצען , וואו ער וואַרפט זיך שווער אָבזיפצענדיג אַנידער ווי אַנ'ערמאַטערטער . זי זעצט זיך נעבען איהם , נעהמט אָן זײַן דיקע האָהריגע האַנד , וועלכע ער לאָזט מאַכטלאָז אָב , און גלעט זי ליעב . . .

אַ ווײַלע הערשט אַ שטילקײַט , אין וועלכער ס'הערט זיך נאָר דאָס מידע אײַנזאַמע קנאַקען פון פײַערל , וואָס צופלאַקערט זיך וואָס אַמאָל שטאַרקער , אַרויסגיסענדיג זיך אין אַ קלאָרען פלאַם פון דעם שוואַרץ־געקרויזטען רויך־וואָלקען , וואָס קנוילט און שטיקט זיך נאָך דאָ און דאָרט צווישען די רויט־צוגליהטע דערנער . . . דער פישער ליעגט ווי אַ שוואַר־צער שאָטען אויסגעצויגען אויף די נעצען , מיט צונויפגעוויקעלטע הענד אונטערן קאָפּ , און קוקט שטיל אויפ'ן שטומען , מיט שטערען אויסגעזײַהטען הימעל . . .

דאָס מײַדעל לאָזט איהם פּאַמעליך אָב און רוקט זיך צו צום פײַערל , גראַבעלט דערין אַ צײַט , שטיל און פערטראַכט , מיט אַ ריטעל . ענדליך דרעהט זי זיך אוים , קוקט אויף איהם מיט אַ נישט־דרײַסטען האַלב־שעמעוודיגען בליק , און קוים וואָס מ'הערט איהר שטיל־ציטריג נישט־זיכער קול :

— וואָס איז דאָרט . . . טאַטע . . . ווײַט , ווײַט אונטערן הימעל . . .

פון וואַנען עס שווימען אַרום די פּאַליעס ? . . .

ער זעצט זיך שמייכעלדיג אויף , נעהמט די מילד אויף זיין קניה און קושט זי , פערנורענדיג זיין פּנים אין איהר שוואַרץ־געקרויזטען קאָפּ :

— ס׳זוימט דאָרט , קינד , אַ גאָלדענער זאַמד דעם ים׳ס פערעלדיגע זוים . . . ס׳שטעהט אַ שיפעל פערוועהעט אין גאָלדענעם זאַמד , וואו ס׳זיצט דיין בעשערטער , פערצויבערט פון בענקשאַפט צו דיר . . . זיין לעבען־לאַנג זיצט ער דאָרט . . . און קוקט אויף די פּאַליעס , וואָס רייסען זיך פון בלויען הימעל־זוים אַרויס און לויפען מיט פרייד אויפ׳ן שטיל גע־רונצעלטען , אין זונען־גאָלד צושטרוימטען וואַסער־שפּיגעל צו זיין שיפעל צו . . . בוקען זיך פאַר איהם, מורמעלדיג דיין נאָמען . . . און נעהמען עס האַלוזענדיג מיט אַ זילבער־ווייסען שוים ווי אַ צערטליך קינד אַרום . . . נאָר ס׳פּאַסט דער גאָלדענער זאַמד פעסט דאָס שיפעל אַרום און גיט עס די פון ים געשיקטע פּאַליעס נישט אַרויס . . . און עס שוימט זיך אונרוהיג דער ים אויף איהם וואַרטענדיג , און שטורימט צורייצט , ווען ס׳ציהען זיך לאַנגזאַם די פּאַליעס טרויעריג ווי פערשעמטע צוריק . . . אָהן דיין בעשערטען . . .

דאָס קינד לאָזט מיער אַראָב דעם קאָפּ אויף זיין ברוסט , קרייזעלט שוואַך זיין ווילדע געלע באָרד , און ער קוקט אויף איהר מיט אַ גליקליכען שמייכעל און פרעסט נאָך פעסטער צו איהר קאָפּ צו זיין האַרצען :

— און שוין יאָהרען־לאַנג קינד , שוין יאָהרען־לאַנג . . . וואַרט ער דיין בעשערטער ביים ברעג . . . ס׳שיקט דער ים פּאַליעס נאָך פּאַליעס נאָך זיין שיפעל . . . און זיי שוימען זיך פאַר איהם אונטערטעניג מיט׳ן ים׳ס בעפעהל . . . און פערלאָזען עס מיערע און צוגאָסענע , אַנטלויפענדיג ווי בעזיגטע צוריק אין אונרוהיג־בייזען ים אַריין . . . און לאַנג וועסטו זיין אַ בענקשאַפט פאַר זיין האַרצען . . . ביז ס׳וועט זיך אַ שטאָלצע , מיט זילבערנע לאָקען פערציהרטע פּאַליע פון בלוי־צעווייגטען ים דערהויבען . . צו איהם צושווימען . . . זיין שיפעל פון גאָלדענעם זאַמד אויסרייסען . . . און עס אויף איהר רוקען נעהמענדיג , צוריק אין ווייטען ים אַנטלויפען . . . וואו זי וועט בלאָנזשען טאָג און נאַכט , צווישען די שוימיגע פּאַליעס , וואָס דרימלען , אָבוואַרטענדיג אין אַלע ימים . . . און וועקען זיך , ווען עס שווימט אויף דאָס שטילע געפּליעסק פון זיין רודער . . .

דאָס קינד בעהאַלט שעמעוודיג דעם קאָפּ צווישען זיין באָרד , און קוים וואָס מ׳הערט איהר קול :

— און ווען וועט ער קומען , פאטער . . . דער ליבער ? . . .
אויף זיינע בלאסע פערטריקענטע ליפּצען בעווייזט זיך א שמייכעל .
ער הויבט זיין פינגער קעגען הימעל :
—ווען גאט וועט וועלען , טאטער ! . . . . . . . . . . . . .
— — — — — — — — — — — — — —

י. י. טרונק.

יאנו 1909



## אפרים קאגאנאווסקי.

---

# מירעל.

(נאָוועלע).

---

ס'איז געוועזען אין א זומערדיגען פאר נאכט.

פון יענער זייט דארף האט זיך די זון איבער'ן וואלד אראבגעלאזען און איהרע רויטע, שטיל-גליהענדע פלאמען האבען דעם הימעל ביז אין דער האלב פערהאפט...

די רויט-צופלאמטע הימלען האבען געשווינדעלט און געראכט האט זיך אז זיי גיעסען זיך, צושפרייטען זיך אלע מאל מעהר און באלד וועלען זיי דעם גאנצען הימעל-ראנד פערחאפען...

און צווישען די רויטע הימלען איז די זון, ווי א רונדיג בלאהער פלאם געראהמט אין א גאלד-צעגליהטער רייף געשוואומען, געוויגט האט זיך די זון און געדאכט האט זיך, אז דער גאנצער זון-אונטערגאנג לאכט, מיט א רויטען, גאלד-צוגליהטען געלעכטער...

אט האט שוין געגען דער פערגאנגענער זון, א קיהל ווינדטעלע א בלאז געטהון און א ליכטער טוי-נעבעל האט זיך אויף די וויטע, גריגע פעלדער געלעגט.

אויף די שווארץ פעררויכערטע קוימענס פון די נידריגע כאטעס מיט די גרין שטרויענע דעכער, האבען זיך רויטע גאלדענע פאסען געלעגט און די קליינע דארפישע פענסטער-שויבען, האבען ווי רויטע בלענדענדע שפיגלען געפינקעלט... אויף א שמאלער זאמד-סטעזשקע, וואס איז געוועזען געפאסט צווישען ברייטע העל-פערגילדטע קאסטענ'ס קארן, איז מיט שנעלע טריט מירעל געגאנגען, דעם קאפ אראבגעלאזען, אין דער האנד א קליין רויט שירטל און איהר לענגליך העל ראזע פנים, איז געוועזען בעלויכטען פונ'ם זון אונטער-

גאַנג און ס׳האָט אָבגעשלאָגען מיט פלאַסיג־רויטע, ליל־בלויע בלענדענדע גאָלד־פאַרבען ...

— צי קען מען איהם גלויבען ? — פרעגט זי זיך אַליין, — צי וועט ער קומען נחום׳קע ?

און זי הויבט אָן געהן לאַנגזאַמער. עפּעס גלויבט זיך איהר ניט, נאָר זי דערמאָהנט זיך, ווי נחום׳קע איז צו איהר צוגעגאַנגען און איהר שטיל אין אויער אַריין געזאָגט:

— וועסט קומען מירעל! כ׳וועל זיצען און וואַרטען אויף דיר אונטער דער „תליה״.

און זי הייבט אָן געהן שנעלער, זי האָט זיך פון דער היים אַרויסגע־גנב׳ט. דער טאַטע זאָל וויסען וואו זי געהט, וואָלט ער בעסער געוואָלט בלינד ווערען, איידער זעהן זי, מירעלען, צוזאַמען מיט נחום׳קע גנב ...

און זי געהט ווייטער, זי שפּאַנט איבער׳ן בריקעל. אונטער׳ן בריקעל וויעגט זיך שטיל דאָס טייכעל. זי זעהט ווי איהר רויט שירעמ׳ל שפּיגעלט זיך אין וואַסער און בעפאַרבט רויט די פאַליעס וואָס לעגען זיך, גיסען זיך, איינס איבער׳ן אַנדער׳ן ...

אָט זעהט זי פון דערווייטענס דעם וואַלד; איבער די וואַלד־שפּיצען העננט נאָך אַ שמאָלער רויט־גליהענדער פּאַס. אַרום איז טונקעלער געוואָרען, די נאַכט רוקט זיך אָן ... ס׳איז שטיל. צייטענווייז הערט זיך נאָר אַ סווישטש פון אַ פויגעל, אַ קוואָק פון אַ פראָש ...

— נחום׳קע גנב! לויפט מירעל׳ען דורך אַ געדאַנק, ווי עמיצער וואָלט עס איהר אין אויער אַריין אַ זאָג געטהון.

— יאָ! נחום׳קע גנב, צו איהם געהט זי יעצט, מירעל.

מירעל האָט איהם נאָך קיין מאָל ניט געזעהן גנב׳נען און זי וויל פאַר זיך אַליין אָבלייקענען:

— ניין: ר׳איז ניט קיין גנב, נחום׳קע?

און זי דערמאָהנט זיך, ווי דער „סטאַרשי־סטראַזניק״ האָט איהם געפיהרט די הענד פערבונדען אַרונטער, און אַלע האָבען צוגעשאָקעלט מיט די קעפּ: אַ שענע כפרה, זאָל ער ניט גנב׳נען! — דאָס איז געוועזען דאַמאָלס, ווען ער האָט ביי „וויקטאָר׳ן דעם גאָספּאָדאַרו״ אַ קעסטעלע מיט געלד צוגעגנב׳ט. דריי חדשים איז ער געזעסען אין טורמע, דערנאָך איז ער געקומען.

— נחום׳קע גנב! וועסט נאָך גנב׳נען? האָט איהם מירעל׳ס טאַטע געפרעגט, פאַטשענדיג איהם אין דער פּלייצע אַריין.

— זאָל איך איינגעזונקען ווערען, צי איך האָב געגנב׳עט! בעזוכט מיך!

האָט נחום׳קע נעענטפערט אויפשפּיליענדיג זיך די מאַרינאַרקע, און מירעל׳ס פּנים ווערט טרויעריג, זי לאָזט אַראָב די אויגען, טהוט אַ קלאַפּ מיט׳ן שירעם׳ל אין דער ערד און בעשליסט בּיי זיך:

— פון היינט אָן!

זי בעשליסט בּיי זיך, אַז היינט וועט זי איהם זאָגען:

— נחום׳קע! פאָלג מיך, וואָס טויג עס דיר? זוך דיר אויס עפּעס אַנ־אַרבּייט, לאָז מען דיך שוין מעהר ניט רופען „נחום׳קע גנב״...

און עס נעמט זי אַרום אַזאַ וואַרעמקייט, זי פערגעסט בּאַלד אָן דעם — און דערמאַהנט זיך:

— ער וועט זיין! ער וועט וואַרטען אויף מיר, יאָ! יאָ!

און זי געהט ווייטער...

דערווייל האָט זיך שוין דער לעצטער פייער־פאַס פונ׳ם זון־אונטערגאַנג אויסגעלאָשען, און אויפ׳ן קיהלען, טונקעלן נאַכט־הימעל, האָבען זיך איינצעלנע שטערען בעוויזען. אין אַ שוואַרץ־בּלאָליכען שלייער האָט זיך דער וואַלד פערהילט און אין דער בּיינאַכטיגער שטילקייט, האָט זיך דאָס קוואָקערייַ פון די פרעש דערוועקט...

אָט איז זי שוין נעבען וואַלד. זי זעהט שוין דעם ערשטען ריעזיגען סאָסנע־בּוים, דער ערשטער פונ׳ם וואַלד.

אָט בּיי דעם בּוים האָט זי זיך מיט נחום׳קען בעשטעלט. די „תליה״ רופט מען דעם בּוים, ווייל אויף איהם האָט זיך געהאָנגען דעם פריץ׳ס פאַסטוך „יאַנאָש״. זי ציעלט אָן איהר בּליק אויפ׳ן בּוים: ער איז העכער פון אַלע בּוימער. מיט שוואַרצע, ריעזיגע ווי אין קרעמפּען געדרעהטע צווייגען, שנייַדט ער זיך אינ׳ם מונקעלן הימעל אַריין... און זי בּלייבּט אַ מינוט שטעהן. עפּעס האָט זיך מירעל דערשראָקען: אויף דעם בּוים האָט זיך אַ מענש געהאָנגען, אַלע האָבען מורא בּיי נאַכט פאַרבּיי דעם בּוים דורכצוגעהן, נאָר בּאַלד הויבּט מירעל אָן צו געהן שנעלער.

— ער וועט וואַרטען! פליהט איהר דורך אַ געדאַנק, און זי געהט ווייטער און פערשווינדט אין דער געדיכטער בּיי נאַכטיגער טונקעלקייט...

---

— מירעלע! האָט מירעל געהערט הינטער זיך, ניט וויסענדיג פון וואַנען און ווער עס רעדט;

נאָר בּאַלד האָט זי דערקענט נחום׳קעס שטימע, און האָט געענטפערט:

— יאָ. איך בּין עס!

נחום׳קע איז צו איהר צוגעגאַנגען, און האָט זי אַרומגענומען.

— דורך וואַנען בּיסטו געקומען? האָט מירעל געפרעגט.

— גלײַך מיט׳ן װעג, האָט איהר נחום׳קע געענטפערט, קוקענדיג איהר גלײַך אין די אויגען אַרײַן.

מירעלען האָט עפּעס שװערעס אַ דריק געטהון. זי האָט געװאוסט אַז ער האָט זיך אונטערגעגנב׳עט, װײַל זי האָט אפילו קײן מענשליכען אָטעם ניט געהערט, אײדער ער איז צוגעקומען.

זי האָט קוקענדיג אָן אַ זײַט, פערקלעהרט געפרעגט:

— פאַר װאָס האָב איך ניט געהערט װי דו געהסט?

— צו װאָס דאַרף מען הערען? האָט איהר נחום׳קע געענטפערט.

ער האָט איהר פּנים אין זײַנע הענד גענומען און איהר אַ קוש געטהון.

מירעל האָט זײַנע הענד פון איהר פּנים אָבגעריסען און זיך אָבגעקעהרט פון איהם.

— קום מירעל! מיר װעלען זיך אַװעקזעצען, האָט נחום׳קע געזאָגט.

זײ האָבען זיך געזעצט אונטער דער „תּליה" און אַרום אין פעלד, אין װאַלד, איז געװען אַזױ פינסטער און די גרין־גאָלדענע שטערענדליך אויפ׳ן הימעל האָבען געציטערט און געדאַכט האָט זיך, אַז טױזענדער נײַגיריגע אויגען קוקען אין דער פינסטערניש, װאָס האָט איבער פעלד און װאַלד געהאָנגען, װי זײ װאָלטען זוכען עפּעס אין דעם ברײַטען פינסטערן ראַנד...

שטיל איז געװעזען. זעלטען האָבען זיך די בױמער צװײַגט, פון אַ װינדטעל. װאָס האָט זיך אַ טראָג געגעבען, נאָר באַלד איז װײַטער שטיל געװאָרען, װי די בױמער װאָלטען זיך דערשראָקען פאַר זײער אײגענעם שאָרך...

שטיל זענען מירעל מיט נחום׳קען געזעסען און אין זײער אײגענער שטילקײט האָט זיך געהערט מירעל׳ס עטהעמען. שװער און אָבגעהאַקט האָט זי געעטהעמט...

און אַרום האָט זיך דאָס טונקעלע פעלד דערהױבען אין הימעל אַרײַן, מיט הױכע שװאַרצע װעלדער און געדאַכט האָט זיך: אַז עפּעס אַ ריזיגער, שװאַרצער טורעם האָט אַרום די װעלט פערשלאָסען און אַלץ איז הינטער דעם שװערן שלאָס, שטום און פערגליװערט שטעהן געבליבען...

— מירעל! האָט נחום׳קע די שטילקײט איבערגעריסען.

— װאָס איז נחום׳קע? האָט מירעל געענטפערט.

— פאַר װאָס רעדסטו גאָר ניט, האָסט מורא?

— כ׳האָב ניט מורא.

— מיט מיר האָסטו ניט מורא!

נחום'קע האט געוואוסט אז יעצט איז איבעריג צו רעדען, ער האט אפילו נים געוואוסט וואס צו רעדען, נאר איהם האט זיך געדאכט, אז ווען ער וועט שווייגען, וועט די צייט שנעלער דורכגעהן. און מירעל וועט פאר עפעס מורא האבען. ער האט מירעלען שטארק צו זיך א דריק געטהון, א פלוצלונגע ווארעמקייט — צוזאמען מיט א שטייפען עקשנות האט זיך אין איהם צונאסען. נחום'קע גנב האט דערפיהלט זיין עלענדקייט צווישען אלע, דעם קרומען קאלטען בליק פון אלע און יעצט האט ער געוואלט מיט זיין גאנצער נשמה זיך בארען אין דעם קוואל פון ווארעמקייט...

מירעל האט א לייכטען ציטער געטהון, באלד האט זי די אויגען אראבגעלאזען...

נחום'קעס קאפ, איז אין מירעל'ס שויס געלעגען, שטארק האט ער זי צו זיך געדריקט...

און די נאכט ארום איז געווען שטיל און פינסטער. נאר פון וויטענס אויף דעם וויטען האריזאנט, איבער די שווארצע וואלד-שפיצען, איז ווי א ווייסע פארע אנגעלאפען, בלאס ווי העלע, מאטע פלעקען האבען זיך די שטערן אנגעזעהן...

מירעל האט דאס בעמערקט און געזאגט:

— ס'וועט רעגענען, נחום'קע!

— זאל רעגענען, זאל דונער'ן, זאל בליצען! מירעלע! און מיט גריינע פייערלעך האבען זיינע גראהע אויגען אנגעהויבען בליצען... ער האט זי שטארקער צו זיך צוגעדריקט, פלוצלונג האט זיך מירעל פון איהם א ריס געטהון און הויך אויסגעשריען:

— ניין, נחומקע! כ'דארף מיט דיר צו רעדען!

— מירעלע! האט איהר נחום'קע אויף דעם געענטפערט.

מירעל האט געוואלט רעדען צו נחום'קען, רעדען וואס זי האט גע-קלערט אויפ'ן וועג געהענדיג צו איהם. רעדען לאנג, ביז וואנען ער וועט איהר צושווערען, אז ער וועט שוין פון היינט אן ווערען אנדערש...

ער זאל איהר צושווערען ווי ער האט זי ליעב, ווי זי, מירעל, איז ביי איהם טייער... מיט איין אונגעהייערע ברייטקייט זענען די געדאנקען ביי איהר אין מוח געוואקסען און זי האט גערעדט... איהרע ווערטער האבען געקלונגען אין דער שטילקייט און געדאכט האט זיך אז זי רעדט צו א גרויסע מאסע מענשען:

— זאג מיר נחום'קע! האסטו מיך ליעב?!

— כ'האב דיך ליעב, מירעלע!

— הער זשע! דו ווייסט דאך ווי מען רופט דיך ביי אונז אין דארף, יא, דו ווייסט!?

— כ'ווײס, מירעלע!

— אויב דו האסט מיך ליעב נחומ'קע, זאלסטו זעהן ווערען א מענש. גלײַך מיט אַלע; זאלסט פון זיך אַרויסוואַרפען דעם נאמען „נחומ'קע גנב", זאלסט זיך זוכען אַנ'אַרבײַט, הערסט נחומ'קע? דאס זאג איך דיר, און כ'וויל דו זאלסט עס מיר צושווערען. הערסט? יעצט זאלסטו עס מיר צושווערען, אויב דו האסט מיך ליעב, נחומ'קע!

— צושווערען! האט נחומ'קע שטיל געמורעלט, צושווערען!

און שוואך ווי עפעס אונבעהאלפענס, ערגיסטערטעס, האט זיך נחומ'קע אויף דר'ערד אראבגעלאזען און מיט זײַנע הענד מירעל'ס קניע ארומגענומען . . .

בײדע האבען א מינוט געשוויגען, באלד האט מירעל ווײַטער גערעדט:

— נו, נחומ'קע! כ'וויל דו זאלסט עס מיר צושווערען, דו זאלסט מיר שווערען ווי דו האסט מיך ליעב, ווי איך בין בײַ דיר טײַער.

— יא מירעלע! ווי כ'האב דיך ליעב, ווי דו ביסט בײַ מיר טײַער, מירעלע!

זײַ האבען זיך בײדע שטארק ארומגענומען, און ווי זײַ וואלטען ערגיץ פערטראגען געווארען, איז ארום שטיל און פינסטער געבליבען...

ערשט יעצט איז מירעלען ווי גרינגער געווארען, ווי א שטײַן וואלט איהר פון הארץ אראב, — פאר דעם איז אבער נחומ'קען וואס א מאל שווערער געווארען, עס האט זיך איהם געדאכט אז ער האט עפעס אויסגענארט, געגנב'עט בײַ מירעלען, אזוינס וואס עס איז הײליג, וואס מען טאר ניט גנב'נען און פאר דעם האט עפעס עהנליכעס צו א כעס איהם ארומגענומען. ער האט געפיהלט ווי ער דארף פלוצלונג אויפשפרינגען, ווײַט ענטלויפען פון מירעלען און פון דערווײַטענס שרײַען צו איהר:

— נײן מירעל, ניט אמת, כ'האב דיך אבגענארט. גלויב מיר ניט!... און ווי א טיעפע בענקשאפט האט זיך אין נחומ'ען צוגאסען. עפעס האט איהם אויף זיך אלײן געדרײצט, ער האט זיך אין אלע זײַטען ארומגעקוקט: אין א גראהער, אנגעלאפענער פארע האט זיך דער הימעל פערשלאסען און גע־דאכט האט זיך, אז די נאכט איז ליכטיגער געווארען; נאר די ליכטיגקײַט האט נאר גראה־פערברודיגט די פינסטערניש און נחומ'קעס בליק האט בעגעגענט א ברודיגע פינסטערניש ווי א גראה טריעב אויג וואלט אויף איהם געקוקט. און ער האט דערפיהלט א נויטיגקײַט צו זײַן אלײן, טהון עפעס שטילעס, בעהאלטענעס, וואס קײנער קען ניט זעהן. ער האט דערפיהלט די נויטיג-

קײַם פון געהן עפּעס אַ ווײַטען אונענדליכען וועג; אידם האָט זיך געוואָלט פרײַ זײַן, מיט זיך, מיט דער ברײַטער פינסטערער נאַכט . . .

דערווײַל האָט זיך אין מירעלען ווי אַ פרעהליכקײַט צונאָסען, עס האָט זיך איהר געוואָלט לאַכען, שפּיטען און זי האָט געזאָגט:

— נחום׳קע זאָלסט וויסען וואָס פאַר אַ נאַר אונזער משרת איז.

— וואָס איז?!

— נעכטען האָט איהם דער טאַטע געשיקט צום סטאָליאַר אָבהובליווען אַ ברעט, האָט ער זיך געזוימט אַ האַלבען טאָג. ניט געקענט זיך דערוואַרטען, בין איך איהם נאַכגעגאַנגען זוכען, טרעף איך איהם זיצענדיג אויף אַ בערגעל, אונטערן פּריץ׳ס פּאַרקאַן שײַלט ער אַ עפּעל און קוקט אין הימעל אַרײַן.

— וואו ביסטו פערפאַלען געוואָרען? פרעג איך איהם.

שפּרינגט ער אויף ווי אַ ציג, טהוט אַ וואָרף דעם עפּעל, און גיעט אַ געשרײַ:

— זאָל איך שטאַרבען אויף דעם אָרט, צי איך בין שולדיג!

און מירעל האָט זיך צולאַכט און איהר קלינגענדיג געלעכטער האָט זיך פערטראָגען אין דער נאַכט אַרײַן.

נאָר באַלד האָט אויף מירעל׳ס פּנים ווי אַ מאַטער ערנסט צוזאַמען מיט אַ לײַכטע שרעק אַרויסגעטרעטען ווען זי האָט אַ קוק געטהון אויף נחום׳קען.

זײַנע אויגען, אין וועלכע עס האָבען זיך צוויי גרינליכע פּײַערלעך געטאָפּיעט, האָבען ווי פערגליווערט געקוקט אין דער ווײַטקײַט, ווי דער הימעל איבער׳ן שוואַרצען וואַלד, איז מיט אַ רויטען פלאַם דורכגענומען געווען; גלײַך מיט זײַנע אויגען, איז זײַן האַנד האַרט געווען, און גלײַך ווי אַ סטאַטוע אָבגעווענדט געווען אַהין.

— נחום׳קע אַ שרפה, האָט מירעל מיט שרעק אַ געשרײַ געטהון, אָנחאַפּענדיג נחום׳קען פאַר אַ האַנד . . . נחום׳קע האָט געשוויגען אין דער־זעלבער פּאָזע.

אַרום איז נאָך שטילער געוואָרען און אין דער שטילקײַט האָט זיך די נאַכט, דער וואַלד און דאָס פעלד, ווי אויפגעחאַפּט, ווי עס וואָלט זיך אויסגעצויגען, צוגעגרײַט צו עפּעס שווערעס, שרעקליכעס. און פון דער־ווײַטענס איבער׳ן וואַלד, אויף דעם רויט בעשלאָגענעם הימעל, האָבען צוויי גלײַכע, זײַלען רויך אַרויפגעצויגען און אין דעם רויך האָבען זיך פײַער־נעשפּרענקעלטע־קרוינען פונקען צוטאַנצט, ווי געשפּריצט דורך רויט־פײַעריגע ליפּען . . .

פלוצלונג איז נחום׳קע אויפגעשפּרונגען, נאָך איהם איז מירעל אויפ־

געשטאַנען טוליעֶנדיג זיך צו איהם... זײַן האַנד איז נאָך אַלײן געווענדעט געווען צו דער זײַט פון דער שרפה.

ביז וואַנען פון דער ווײַטער פינסטערער שטילקײַט האָבען זיך ווי פון טיעפע, הוילע גריבער אַרויס, אָנגעהויבען צו טיקען שווער און ברײַט צופלאָסענע גלאָקען־טענער:

— באָאָם'ן !! באָום'ן !!

און געדראַבט האָט זיך, אַז נאָך יעדען קלונג, רוקט זיך די שרפה אַלץ העכער איבער'ן וואַלד...

— אין „ציאַרנע־וויעש", הינטער'ן וואַלד ! האָט נחום'קע געמורמעלט.

— אין „ציאַרנע־וויעש", הערסט מירעל ! ? האָט נחום'קע נאָך אַ מאָל אַ זאָג געטהון און גענומען זיך אָברוקען פון מירעלען.

— נחום'קע ! פיהר מיך אַ היים ! האָט מירעל מיט טרערען געבעטען, כ'האָב מורא ! נחום'קע !

— געה אַ היים ! האָט נחום'קע שנעל אַ זאָג געטהון און זיך ווײַטער אָבגערוקט פון מירלען.

— נחום'קע ! האָסט מיר געשווירען ! האָט זיך מירעל צווויינט, וואו וויל'סטו לויפען ? ! כ' וועל דיך ניט לאָזען, נײַן !

— יאָ באַלד, מירעל ! לאָז מיך ! האָט זיך נחום'קע אַ ריס געטהון און ווי אַ שוואַרצער, ריהרעווודיגער פלעק האָט ער זיך איבער'ן שוואַרצען פעלד אַוועקגעקאָליערט און פערשוואונדען ערגיץ ווײַט אין דער פינסטערניש... אַ ווינד, צוזאַמען מיט אַ דינעם שטעכיגען רעגען, האָט זיך פון ערגיץ אָנגעטראָגען, דאָס פײַער האָט זיך געשטאַרקט און זיך געהויבען צוזאַמען מיט צופלאַמטע שטרויענע דעכער...

---

מיט'ן זעלבען וועג וואָס מירעל איז צו נחום'קען געגאַנגען איז זי יעצט אַ היים געגאַנגען.

עפּעס אַ שווערער טרויער האָט זיך אויף איהר האַרץ געלעגט, ווי פון אַ קויאַל האָבען זיך פון איהרע אויג[...]ן טרערען געגאָסען. אויפ'ן גאַנצען וועג האָט זי געוויינט, ביז וואַנען זי איז אויפ'ן בריקעל צום טײַכעל צוגעקומען; האָט זי געזעהן, ווי דאָס וואַסער איז שוואַרץ און עס גלאַנצט ווי אַ גלאָז. זי האָט געקוקט אויף די שוואַרצע, ווײַכע פאַליעס, וואָס האָבען זיך גע־שלענגעלט און געהויבען איינס איבער'ן אַנדערן און איהר האָט זיך געדראַכט, אַז דאָס לויפען אַזעלכע קלײַנע „נחום'קעס" ערגיץ ווײַט, צו אַ שרפה, צו אַ פײַער לויפען זיי, גנבים זענען זיי...

לאַנג איז זי נעבען פאַרענטש פון בריקעל געשטאַנען און איהר שוואַר־

צער לאַנגער שאָטען האָט זיך לאַנג און טיעף אין וואַסער אַריין געצייכענט און נערונצעלט...

זי האָט געוויינט און איהרע טרערען האָבען זיך שטיל אין׳ם ברייטען שווארצען וואַסער אַריינגעגאָסען...

און וואָס מעהר זי האָט געוויינט, אַלץ גרינגער איז איהר געוואָרען. זי האָט שוין יעצט ניט געוויינט פאַר וואָס נחום׳קע האָט די שבועה געבראָכען, נאָר פאַר וואָס ער איז פון איהר ענטלאָפען. פאַר איהרע אויגען האָט זי יעצט נחום׳קען געזעהן שטעהן האַלב אָנגעבויגען איבער א גריינעם פויערישען קאַסטען, מיט דערשראָקענע אויגען עפּעס צעהלענדיג פון דאָרט ארויס.

און איבער איהם יאָגען זיך, הויבען זיך, קנוילען פייער — און ער שטעהט און צעהלט...

דער „סטאַרשי סטראַזניק" האַלט א שטריק, ער געהט איהם בינדען און נחום׳קע שטעהט און צעהלט...

געבונדען נחום׳קען, אוועקגעשלעפּט. זי, מירעל, וועט איהם שוין מעהר ניט זעהן, און זי וויינט... און זי וויינט...

— — — — — — — — — — — — — —

ווען מירעל איז צו זיך אהיים געקומען, איז שוין געווען שפּעט אין דער נאַכט.

מירעלס טאַטע „בערעל ראַטעוועט" אזוי האָט מען איהם גערופען, ווייל איין מאָל האָט זיך איהם געחלומט אַז עס ברענט, האָט ער פון שלאָף גע־שריען „ראַטעוועט", א בריים־בעוואַקסענער יוד, וואָס האַלט א „קרעטשמע", איז נעלאָפען מיט׳ן משרת נת׳קע ראַטעווען צו דער שרפה... קיינער איז ניט געווען אין שטוב א חוץ מירעל׳ס מאַמע. זי איז געשטאַנען אויף א איבער־געדרעהטער פאַס, און פאַטשענדיג מיט צוויי הילצערנע לאַטשען איינס אין אַנדער׳ן, האָט זי געשריען:

— „ציאַרנע־וויעש" ברענט! „ציאַרנע־וויעש" ברענט!

מירעל׳ס מאַמע איז א האַלבע משוגענע. א גאַנצען טאָג ליגט זי אויפ׳ן בעט און דאווענט... עס מאַכט זיך א מאָל אין האַלבער נאַכט, שפּרינגט זי פלוצלונג אַראָב פונ׳ם בעט, חאַפּט א שטעקען, שאַרט אונטער אַלע בעטען, מיט א געוואַלד:

— א קאַץ האָט זיך בעהאַלטען און וויל ניט ארויס!...

די מהיר פון מירעלס שטוב איז געווען אָפען, אינוועניג איז געווען ליכטיג פון א בליץ־לאָמפּ, וואָס האָט געהאָנגען אין מיטען שטוב, איבער׳ן לאַנגען בופעט אויף וועלכען עס איז געווען אָנגעשטעלט פערשיעדענע צו־בייסעכצען פון א קרעטשמע...

די משונענע מאמע איז מיעד געוואָרען שרייענדיג, האט זי זיך אויף דער ערד אראבגעלאָזען, דעם קאָפּ איינגעטוליעט און מיט אַ פערגלייזטע אויג אין דער נאכט אריין געקוקט.

מירעל האט זיך געזעצט אויף דער באנק וואס נעבען דער טהיר און אריינלאָזענדיג איהר קאָפּ אין די הענד אריין, האט זי לאנג, לאנג געקלערט פון נחום'קען און איז איינגעשלאָפען...

ווי זי האט נאר די אויגען צוגעמאכט, האט זיך איהר אָנגעהויבען צו חלום'ן: ווי פון ווייטען פינסטערן פעלד, הערען זיך טריט... זי קוקט זיך צו, זעהט זי ווי דער „סטראזשניק" פיהרט נחום'קען, געבונדען די הענד מיט די פיס, דער „סטראזשניק" שלעפט איהם אויף דער ערד און ער, נחום'קע, קאָליערט זיך, ווארפט זיך ווי אַ שלאנג.

— נחום'קע! גיט מירעל אַ געשריי.

— מירעלע! מירעלע! כ'מוז געהן, כ'וועל שוין מעהר ניט קומען, ענט־פערט איהר נחום'קע און ווערט פערשוואונדען אין דער פינסטער...

ווען מירעל האט זיך אויפגעכאפט, איז שוין געווען פאר טאג.

דער פאר טאג איז געווען אַ פערנעבעלטער, אַ גראָהער. מיט אַ פייכט נעשאָרכערי האבען זיך די בוימער געוויגט און געוויינט איבער'ן פייכטען פעלד, מיט אַ מאטער פוילקייט ווי נאך אין איבערגעריסענעם שלאָף...

פון דערווייטענס, פונ'ם שאסע, האט זיך געהערט דאס גע־טראסקעריי פון די פוהרלעך, וואס זענען צוריק געפאָהרען פון דער שרפה...

נאך האלבער נאכט, איז מירעל'ס טאטע, מיט'ן משרת אהיים געקומען, זיי האבען דערצעהלט: אז פינף כאטעס מיט איין קוה, זענען פערברענט געוואָרען...

און שפעטער, ווען די זון האט זיך דורך די גראָהע שטיקער וואָלקען, אין אַ בלאס־גאָלדענעם אָבשיין בעוויזען און די קינדער זענען געלאָפען קיין „ציארנע־וויעש" זוכען געלד מיט זאכען, אויף די אָבגעברענטע חורבות, האט נת'קע דער משרת דערצעהלט מירעל'ען, אז פון איין זייט האט מען געראטעוועט און פון דער צווייטער זייט האט נחום'קע גנב גענגב'עט און די פויערן האבען איהם מיט העק און אייזענע פעריאָגט ערגיץ ווייט און מען ווייסט ניט וואו ער איז אהינגעקומען...

און ווען מירעל איז געגאנגען אין שטאל מעלקען די קוה, האבען הייסע טרעהרען צוזאמען מיט פריש־אויסגעמאלקענע מילך, דאס מעלק־שעפעל אָנגעפילט.



# זאָרז ראָדענבאַך.

די שעהנקייט פון טרויער איז
העכער אלס דאָס שעהנקייט
פון לעבען.

(ראָדענבאַך).

## I.

„אויב מען וויל דעם דיכטער לערנען, מוז מען צום ערשט אין זיין לאנד געהן, א אַלטער ריכטיגער מנהג אַן וועלכען מען טאָר ניט פערגעסען בעזאָנדערס ווען מיר טרעטען צו צו אַזא פערזענליכקייט ווי זאָרז ראָדענבאַך, „דער שוואַן פון יונגער בעלגיע" ווי מען רופט איהם, דער פּאָעט פון „שטילקייט און טרויער".

„נור שעהנע שטעדט שאַפען שעהנע נשמות" האָט ראָדענבאַך בעמערקט. אויב דאָס איז אַזוי, אויב דאָס איז ריכטיג, טאָ ריכטיג איז אויך דאָס נור די אַלטע, אין איהרע אַלטע זכרונות פערטיפטע פלאַנדריאַ, מיט איהרע טויטע קאַנאַלען איבער וועלכע שטיל, פערטראַכט, פונקט ווי בײַ א היילינגער מעסע, שוועבען לאַנגזאַם די שוואַנען; פלאַנדריאַ וואו די טויטע שטילקייט ווערט נור צערשטערט דורך דעם מעלאַנחאָלישען קלינגען פון די פילע גלאָקען, דער קלינגען וואָס דוכט זיך ראָדענבאַך'ן ווי טומעל פון שליסלען מיט וועלכע די שוועסטער בעגלייט די צייט אין דער עביגקייט, נור פלאַנדריאַ, די זעלטענע קאָנסערוואַטאָרשע וועלכע לאָזט צו זיך ניט צו אַלעם וואָס טראָגט אויף זיך די חתימה פון איצטיגער קולטור — האָט געקאָנט געבאָרען אַזא פּאָעט ווי ראָדענבאַך.

ווי שטאַרק דאַרף עס פערדריסען, וואָס אין אונזער ליטעראַטור איז ניטאָ איבערזעצונגען פון ראָדענבאַך, וואָס בײַ אונז איז זיין נאָמען בכלל אונבעקאַנט. אויף ראָדענבאַך'ן האָט מען זיך געדאַרפט אָפּשטעלען מיט א בעזונדערע אויפמערקזאַמקייט, דען בײַ איהם קען מען לערנען די גרויסע פּאָעזיע און קלוגהייט — פון רוהם פון שטילקייט, „פון ליבע צו זאַכען". מיר אידען האַלטען שטענדיג אין איין פּאַקען זיך, מיר פאָהרען איבער פון איין

קוואַרטיר אויף דער צווייטער, מיר זעגען וואַיאַזשאָרען, דער איד איז אַ פּאָטענציאַלער עמיגראַנט.

אין אונזער פּסיחיק איז פֿרעמד די ליבע צו אַ „אָרט", די ליבע צו אַ „זאַך". אַלע אוננאַרמאַלע בעדינגונגען פון דעם איצטיגען לעבען בכלל און אונזער לעבען בפרט, ברענגען דערצו וואָס מיר פיהלען ניט די גאַנצע שעהנקייט פון לאַנגזאַמען טעמפּ, פון שטילע טריט. דערפאַר זעהען מיר ניט זעהר אַ סך וואָס זעהן איז ווערטה; דערפאַר איז אונז געגעבען לערנען נור דעם מעחאַנישען אויסדרוק פון „זאַכען", ניט זייער נשמה. כּדי די נשמה זעהן, דאַרף מען זיך אָפּט אָפּשטעלען און קוקען טיעף, טיעף. עס איז אונמעגליך לויפען און שאַרען אַ פאַנטעאיסטישע סיסטעם...

פאַר דעם איצטיגען מענשען איז אַלץ אָפּגעריסען, אָפּגעזונדערט איינס פון דאָס אַנדערע; ניטאָ קיין צוזאַמענהאַנג. עס הערשט דער באַרבאַרישער אינד,ווידואַליזם וועלכער האָט ניט צו טהון להלוטין מיט דעם ריכטיגען בעגריף וואָס דאָס וואָרט „אינדיווידואַליזם" דאַרף האָבען. פאַר דעם איצטיגען מענשען, פאַר דער איצטיגע קולטור, עקזיסטירט ניט דאָס וואָרט „הייליגקייט"; דען עס איז ניטאָ קיין אָרט פאַר אַזאַ קאַטעגאָריע, ווי באַלד אַלעם פערקויפט זיך, ווי באַלד „רעליגיע" איז אומגעביטען אויף „פּאָליטיקאָ" און „עסטעטיק" — אויף „לוקסוס". זעהען מיר דען ניט אויף יעדער טריט און שריט דאָס די „טייערקייט" פון דער אָדער יענע זאַך, גאַראַנטירט אין די אויגען פון היינטיגען מענשען איהר „שעהנקייט"? שוין לאַנג האָט מען אָנגעוואָרען דעם חוש פון אמת'ע שעהנקייט און „שעהן" איז נור דאָס וואָס עס איז „טייער".

און אין די וועלט פון טומל, שרייענדיגע פאַרבען, וואָלוועלקייט און פערברעכענדע איליגקייט, שטעהט אַליין בעזונדער זאָרז ראָדענבאַך מיט אַ שטילע תפילה אויף די ליפּען. זיין וועלט איז ניט קיין מאַרק, אויך ניט קיין קאַמפּף־אַרענע — נאָר אַ טעמפּעל. דאַריבער איז אין ראָדענבאַך'ס פּאָעזיע ניט צו געפינען אַ סימן אפילו פון זאָגענאַנטע געזעלשאַפטליכע מאָטיווען. אַ טעמפּעל איז ניט קיין סאַלאָן, ניט קיין בודואַר, דעריבער ווערט איהר אין ראָדענבאַך'ס פּאָעזיע ניט געפינען די רייכע וויטרינע פון רייכע, בלישטשענדע שטיינער. ער מיידט מיט אַכיון די פיעלפאַרביגע ס:מפּאָניע פון פאַרבען און קאָלירען. און דאָס קומט פאַר נישט דערפאַר וואָס זיין שפּראַך איז אָרעם, נאָר דערפאַר וואָס איהם פעהלען ווערטער. גבריאל דע אַנונציאַ, ביי וועמען עס איז דאָ גאַנצע בלעטער וועגען פערשידענע שטיינער, בלומען, איז וועניגער פּאָעט איידער ראָדענבאַך, הגם איהם איז בעקאַנט אַלע סטילען פון אַלע עפּאָכען. אָפּטמאָל דיענען די בערג מיט ווערטער נור אַלס סוראָגאַט פון אמת'ע קונסט, פון אמת'ע טיעפע געפיהלען,

Wo Begriffe fehlen,
Da stellt ein Wort zur rechter Zeit sich ein......

ראָדענבאַך איז דערפאַר קאַרג אויף ווערטער און פאַרבען, ווײַל ווירקליכע גרויסקײַט און ערהאַבענקײַט טהוט זיך קײן מאָל ניט אָן אין פורפורמאַנטעל. די מוזאַ פון ראָדענבאַך איז שטענדיג אײנפאַך געקלײדט אין ווײַסען... „ווײַסע״ ווערט וואַריִרט בײַ ראָדענבאַך כמעט אין אַלע זײַנע ווערק, „ווײַסע ליליען״, „ווײַסע שוואַנען״, ווײַסע גאַרדינען״, „ווײַסע צעפּצען״ אויף די קעפּ פון די מאָנאַחינעס באָגינקעס. ווײַסע קלײדער האַרמאָנירען אַווי מיט די שטילע, לאַנגזאַמע טריט פון זײַנע העלדען, מיט ווײַערע שטילע תפילות אין וועלכע עס איז ניטאָ דער שטאַרקער, צאָרענדער צושטעהן צו גאָט נאָר אין וועלכע עס הערשט די עלעגיע וואָס איז נויטיג און וואָס עס פּאַסט צו יעדער תפילה.

ווען מען רעדט איבער ראָדענבאַך'ן קומט אויס אָפט ברויכען דאָס וואָרט „שטילקײַט״, דען דאָס איז כמעט דער הויפּט-שטריך פון זײַן פּאָעטישע נשמה. ראָדענבאַך איז דער שטילסטער פּאָעט וואָס איז ביז איצט געװען; דער שטילסטער ניט דער רוהיגסטער. כדי צו זײַן „רוהיג״, אין דעם העכסטען און פולסטען זין פון דאָס וואָרט, מוז מען זײַן אַ גאָניע, מוז מען זײַן געטהע, מוז מען קוקען פון אויבען אַראָפּ, מוז מען שטײן אויף דעם אָלימפּ. ראָדענבאַך איז צו „מענש״ געװען אום רוהיג צו זײַן; נאָר פּראָטעסט, צאָרן, טראַגעדיע איז איהם געװען פרעמד. אין זײַן שטילקײַט האָט ער זיך נור געקאָנט ערלויבען עלעגיע.

ראָדענבאַך איז ניט נור דער שטילסטער, נאָר אפשר אויך דער עלעגישסטער פּאָעט וועלכער איז ביז איצט געװען.

ראָדענבאַך'ס עלעגיע האָט ניט צו טהון מיט פּעסימיזם. פּעסימיזם, אָט דער ביטערסטער פון אַלע קרײַטאַכער, וואַקסט מעהרסטען-טהײל אויף דעם באָדען פון פערזענליכען אומגליק, פון פערזענליכע ניט אײנגעבענקײַט אין לעבען. בײַ קלײנע מענשען איז דער פערזענליכער מאָמענט שטאַרק קענטיג, שטענדיג אויבען-אויף; גרויסע מענשען—בעזײַטיגען איהם און פּעסימיזם, שטאַמענדיג פון פּערזענליכע אורזאַכען, וואַקסט בײַ זײ אויף ביז אַ וועלט-טראַגעדיע. אַ דאַנק דעם טאַלאַנט, אַ דאַנק די גרויסע קראַפט פון זײער גײַסט, הויבען זײ אויף דעם פּעסימיזם ביז די העכסטע שטופע פון יאוש אָדער ביז די העכסטע שטופע פון דעמאָניש אירוניע. בײַ דעם ערשטען פאַל — בײַראָן, לעאָפּאַרדי, סטרינדבערג, בײַ דעם צווײטען פאַל — אַנאַטאָל פראַנס אַם בײַשפּיעל.

ראָדענבאַך'ן איז אונבעקאַנט אי פּעסימיזם-טראַגעדיע אי פּעסימיזם-איראָניע. אויף זײַן געזיכט איז ניטאָ די טראַגישע קנײטשען פון די דערשראָ-

קלענע חעלכע שרײַען אין זײער שרעק און געװײנט װעט איהר ניט בעמערקען דעם שטײַכעל פול מיט צאַרנדע איראָניע װעלכער װיל בעהאַלטען פאַר דער װעלט זײַנע אינערליכע לײַדען און איבערלעבונגען.

ראָדענבאַך'ס געדיכט איז עלעגיע, טרויער און אַזוי איז זײַן פּאָעזיע. ניט די „צעשטערונג" פון גרויסע דאָמבען נור די „פּערװעלקונג פון קלײנינקע בלומען בעװײנט ראָדענבאַך, דערפאַר איז בײַ איהם ניטאָ דער גװאַלדיגער יאָמער, נאָר אַלע מאָל די שטילע טרעהר.

ראָדענבאַך'ן, כדי קומען אין אַ טרויעריגע שטימונג, איז ניט נויטיג דערװיסען זיך פון אַ גרויסע װעלט־קאַטאַסטראָפע, ניט נויטיג דאָס עס זאָל פּאַרקומען אַ געװאַלדיגע אומרעכט, װי דאָס פערברעכען פון די אונדאַנקבאַרע און אַכזרי'שע קינדער, װעלכע האָבען אין אַ פראָסט אַרויסגעטריבען זײער פאָטער דעם קעניג ליר, אָדער װי דער טויט פון די אונשולדיגע, רײנע קאָרדעליע. ניט נויטיג דערפאַר, דען אין דאָס קלענסטע זעהט ראָדענבאַך דאָס גרעסטע, דאָס טרויעריגסטע. ראָדענבאַך איז דער פּאָעט פון פּאַנטעאיזם, ער װײס ניט פון אונבעדײַטענטע, נשמה־לאָזיגע זאַכען, ער װײס ניט פון קלײניגקײַטען, אַלץ איז װיכטיג, אַלץ איז גרויס, אַלץ האָט אַ נשמה און דעריבער װעקען זיך בײַ איהם ניט אויף קײן טרויעריגע געדאַנקען נור דאַן װען דער ערד־קוגעל ציטערט אין זײַן פונדאַמענט, ניט נור דאַן װען פון הימעל פאַלען פײַערדיגע שטײנער און עס בליצט און דונערט. ראָדענבאַך שפּאַצירט איבער דעם גרינעם גאָרטען און זעהט װי די פאָנטאַנען װאַרפען זײערע װאַסערן צום בלויען הימעל, דאָרט אויבען גיט מען אָבער ניט די הסכמה אויף דאָס „דערגרײכען" און די װאַסערן פאַלען צוריק צו דער ערד בעזיעגטע, נידערגעשלאָגענע. בײַ איהם איז דאָ אַ גאַנצער ציקעל פון ליעדער אונטער אײן נאָמען „פאָנטאַנען", די גאַנצע מאַכטלאָזיגקײַט פון װילען, די גאַנצע טראַגעדיע פון מענשענס שװאַכקײַט און הילפלאָזיגקײַט, אַלץ צו װאָס מיר שטרעבען שטענדיג אַזוי איבריג און װאָס װערט קײן מאָל ניט דערגרײַכט — װערט איבערגעגעבען אין די ליעדער.

אַלץ האָט אַ נשמה — דריבער װעלקט ניט ראָדענבאַך'ס ראָזע אין הערבסט, נאָר זי הוסט װי אַ לעבעדיגע זאַך. זי הוסט און אונז חאַפּט אַרום אַ שוידער, אונז װערט טרויעריג זעהענדיג װי עס פאַלען די פערװעלקטע בלעטלעך...

אָט דער בעלגישער פּאָעט איז אײנזאַם, נור אײנזאַמקײַט איז ניט מיזאַנטראָפּיזם: אַ מיזאַנטראָפּ איז שטענדיג אין כעס, בעז. דאָס האָט זײ, די מיזאַנטראָפּען, געמײנט דידראָ מיט די װערטער „נור שלעכטע פאַרשפאַרען זיך אַלײן". ראָדענבאַך'ס אײנזאַמקײַט איז גאָר אַ אַנדערע, מען מעג איהר מקנא זײַן, דען איהם איז געגעבען געװאָרען דאָס גליק אָנפילען זײַן אײנזאַ־

מען צימער מיט פערשידענע געשטאלטען. זייענדיג אליין איז ער דאָך אין א גרויסע געזעלשאפט פון פּאָעטישע פיגורען, ער קען אלע מאל ארויסרופען די וועלכע זענען איהם טייער. ביי ראָדענבאַך'ן איז ניטאָ אין צימער אונבעדייטענדע זאכען, אויף אלעם הענגט דער שלייער פון אינטימע ווארעמקייט, אָבער אויך פון שטילען טרויער, פון ווייכען ליזורם, דען אלעם איז פערמשפט געוואָרען צום וועלקען, צום אונטערגעהן.

צוזאמען מיט דעם דייטשען פּאָעט לענאו, האָט ראָדענבאַך געקאָנט וועגען זיך זאגען: „אָהן דעם שלייער פון טרויער, בעוויינט זיך מיר קיין זאך ניט אין לעבען".

פאר וואָס? אפשר דערפאר וואָס „אמת'ע שעהנקייט אין איהר העכסטע שטופע פון ענטוויקלונג, מוז אויפרעגען א ערעלע, נערוועזע נשמה ביז צו טרערען און מעלאנכאָליע. טרויער איז אלזאָ איינע פון די ריכטיגסטע פּאָעטישע שטימונגען" (עדגאר פּאָ).

ראָדענבאַך אליין האָט קיין מאָל ניט אָפּגעלייקענט זיין בעזונדערע צוגעבונדענקייט צו עלעגישע מאָטיווען, צו דעם מעלאנכאָלישען קלינגען פון די גלאָקען, צו דעם עטוואס געבויגענעם קאָפּ, צו דער פּאָעזיע פון אונטערגעהן און וועלקען.

„פאר וואס האָסטו מיך אזוי ליעב" פרעגט איינער פון ראָדענבאַך'ס העלדען ביי זיין כלה. „דערפאר וואָס ביי דיר איז אזא אומעטיגעם אויסזעהן", ענטפערט זי...

און מיר אליין, מיר אלע, די לעזער, האָבען דען ניט ליעב די פּאָעטען פאר זייער „אומעטיגען אויסזעהן"? איינענטליך קיין פרעהליכע פּאָעטען גיבט גאר ניט. דאָס זענען פילאָזאָפען שטענדיג פרעהליך און פון זיך צופריעדען, דערפאר לעבען טאקי פילאָזאָפען א סך, עלטערען זיך אין וואולטאג פון זייערע סיסטעמען. ניטשע איז דערפאר אזוי יונג געשטאָרבען, ניטשע איז דערפאר פון זינען אראָפּ ווייל ער איז געווען מעהר פּאָעט, מעהר קינסטלער אלס פילאָזאָף; ווייל ער האָט מעהר געפרעגט איידער געענטפערט. די פּאָעטען פרעגען שטענדיג, דערפאר האלטען זיי זיך ניט לאנג אויף דער וועלט. פונקט ווי אלע גרויסע פּאָעטען איז ראָדענבאַך יונג געשטאָרבען.

„ווער דארף זיך היינט צושיידען מיט דער ערד"? ווען די הארץ פון פּאָעט וועהמאָגט מיט אזוינע פראגען דאן קען ער ניט איבער דאָס פעלד פון לעבען דורכגעהן מיט א פרעהליכען ניגון.

Durch Wald und Feld zu Schweifen
Mein Liedchen hinzupfeifen
So geht's den ganzen Tag.

דער גרויסער געטהע האָט זיך געקאָנט ערלויבען אזא פּיפּען דאָ אין זיינע אויגען איז א טעמא:

## Grün des Lebens goldener Baum.

ראָרענבאַך'ס עלענדישע נשמה האָט אָבער געזעהן ניט נור דעם אויפגאנג נאָר אויך דעם אונטערגאַנג, ניט נור דאָס בליהען נאָר אויך דאָס וועלקען, דעם טויט פון אלעם צו וואָס מיר בינדען זיך צו, מיר נעבען זיך איבער מיט דער גאַנצער טרייַשאַפט און ליעבע.

„ביי די בלומען, ווען זיי וואַקסען נאָך, איז דאָ א באַרהאַטענער שלייער אַזאַ אויף די בלעטלעך, וועלכען עס איז קוים, קוים צו בעמערקען. אַפילו ביי דעם קלענסטען אָנריהרען, ביי דעם קלענסטען און פאָרזיכטיגסטען, ווערט אָפּ דער שלייער, דאָס באַרהאַטענע הייטעל פערשוואונדען. שווער צו זאָגען פון וואָס דאָס איז בעשטאַנען, וואָס איז פערלאָרען געגאַנגען; נאָר מיר איבערצייגען זיך, מיר פיהלען אַז עפּעס איז פערלאָרען געגאַנגען“ (קאַרל אַלמקוויסט).

און עס דוכט, אַז דאָס „עפּעס“ וועלכעס איז אונבעקאַנט, אונבעוואוּסט פאַר דאָס רוב מענשען, ווייס ראָרענבאַך. דערפאַר קען ער שוין ניט אָפּקומען נור מיט דעם „וואָס מיר איבערצייגען זיך דאָס עפּעס איז פערלאָרען געגאַנגען“ און זיין האַרץ ווערט פערוואונדעט דאָרט וואו דער פילאָזאָף געהט דורך גלייכגילטיג.

„עפּעס איז פערלאָרען געגאַנגען“, דאָס איז די הויפּט קאַנוואַ אויף וועלכע ראָרענבאַך נעהט זיינע פּאָעטישע קווייטען, שטענדיג מעלאַנכאָלישע, שטענדיג ליריש-ווייכע און עלענדישע. די גלאָקען פון טויטען ברוגע דאַרפען ניט אויפהערען קלינגען, דען די נשמה פון פּאָעט ווייס ניט קיין רוה און איז שטענדיג פערזאומערט און פרעגט אלע מאָל:

„ווער דאַרף זיך היינט צושיידען מיט דער ערד“?

ביי איהם איז געוועזען א זעלטען אַדעלע, אַריסטאָקראַטישע געזיכט און פיעלע וועלכע מיינען דאָס אויף דער וועלט מוז מען קומען מיט שטאַרקענטוויקעלטע מוסקעלן אום צו קעמפּפען, צערשטערען, האָבען ציגערעכענט ראָרענבאַך'ן צו די קאַטעגאָריע מענשען וועלכע מיר רופען אָן „מיעדע“. ער איז ווירקליך געוועזען מיעד פון דעם מוראַוועניק, פון דעם וואַנדאַליזם וועלכער האָט זיך פערגאָסען שעצען דאָס אַלטע, די פערגאַנגענהייט. איהם איז געוועזען העסליך די אינדוסטריעלע-אַיילעניש, וועלכע לאָזט ניט דעם מענשען אַקוקען זיך צו די שעהנקייטען, וועלכע זענען פערנאַנדער געוואָרפען אין יעדער ווינקעל, צו דאָס „געטליכע“ וועלכע איז שטענדיג אַרום אונז און וועלכע מיר ווילען ניט בעמערקען. ראָרענבאַך האָט געהאַט דאָס אומגליק, מיינען, דאָס ניט נור „אַרבייטען“ דאַרף זיין די הויפּט-אויפגאַבע פון מענשען נאָר אויך „טראַכטען“. ער איז געוועזען מיעד; ער, וועלכער האָט אַזוי געשעצט דאָס „שוויי-

נען" האָט ניט געקאָנט לאַנג בלײַבען אין פּאַריז וואו מען האָט איהם ליעב געהאַט. זײַן נשמה האָט געבענקט נאָך פּלאַנדריא, נאָך דעם מרטען ברוגע, נאָך די קאַנאַלען און קלויסטערס, וועלכע פּלעגען מיט זײַער טרויערינגען קלינגען בעגלײַטען די אַלטע קולטור און אָנזאָגען דאָס דער טויט איז נאָהנט, דאָס „עפּעס איז פערלוירען געגאַנגען".

„עפּעס" פאַר אַלעמען, אָבער „אַלץ" פאַר ראָדענבאַך'ן. ער איז געווען א קאָנסערוואַטאָר אין דעם שענסטען זין פון דאָס וואָרט, ער האָט זיך אויסגע־צייכענט מיט א זעלטענע ליעבע צו אַלטע זכרונות, ער האָט געפיהלט די שעהנקײַט פון ערינערונגען, „אָט דעם איינציגען גן עדן, פון וואַנען מען קאָן אונז ניט אַרויסטרײַבען...

דאָס „נײַע" ערקלערט א מלחמה דאָס „אַלטע", פערגעסט אָן אַלע פער־דינסטען פון דער פערגאַנגענהײַט. ווי בעשיצט מען די גראָה־אַלטע קולטור פון דעם נײַעם קאַניבאַל? אונטער די טויערן שטעהט אַטילאַ מיט העק און חיליעס, ווי האַלט מען אָפּ אָט די גרויסע מחנה זיגער? ראָדענבאַך איז ניט קײַן מענש פון קאַמפּף, פון פּראָטעסט, זײַן העלד דער אַרכיטעקטאָר וועלכער זעהט זײַן מאַכטלאָזיגקײַט בעגעהט זעלבסט־מאָרד, וואַרפט זיך אַראָפּ פון טהורם, ניט קענענדיג שיצען דאָס „אַלטע" פון דאָס אונדאַנקבאַרע, באַר־באַר'שע „נײַע".

ראָדענבאַך איז געשטאָרבען א יונגער...

ער איז געוועזען א גרויסער פּאָעט...

ניט אַלע פערשטעהען איהם נאָך, נור אַלע וועלכע האָבען זיך געגעבען די מיה צוצוטרעטען צום איהם נאָהנט, ליעבען איהם שוין, דען מען קען ניט ניט פיהלען, ניט נור די שענקײַט פון זײַן נשמה נאָר אויך די טיעפקײַט פון זײַן אמת...

ש. נאָרעליק.

מאַרסעל (פראַנקרײַך) 20טען מערץ.



# ברוך דער דארפסשמיד.

ברוך דער שמיד און חנה זיין ווייב זענען די איינציגע יודען אינ'ם דארף וואראבי. אמאל איז וואראבי פול געוועזען מיט יודען. געוועזען: איטשע דער שענקער — צוליעב דעם מאנאפאל האט ער געמוזט עוקר זיין, זעליג דער מילנער, לייזער דער קרעמער און מענדעל דער קליין=וואלד=הענדלער — האט מען זיי צוליעב ניי=בעזעצונג ארויסגעטריבען...

איינזאם, איינע אליין זענען ברוך און חנה אין וואראבי געבליבען. די קינדער זייערע האבען שוין אויך לאנג דאס דארף פערלאזען, אין די ארומיגע שטעדטלעך וואוינען זיי אלע: חער אין יאמפאלקע, ווער אין טו-חאלקע און ווער אין בערעסטעווע. פיינע בעלי=מלאכות זענען זיי: איין זוהן א שוסטער, דער צווייטער א שניידער און דער דריטער, דער מוזיניקעל, נאר א טשעסליער — אבארעם, שייערן אין די פריצישע הויפען בוים ער.

ברוך איז גאנצענע טעג אין קוזניע פערנומען. א נאמען פון א גוטען שמיד האט ער אין דער גאנצער געגענד; פון ארום און ארום שלעפט מען ארבייט צו איהם; די וואראביער גוים, איבערהויפט די אלטע, האלטען זיך גרויס מיט זייער „קאוואל", בעריהמען זיך אומעטום מיט זיינע חריפות'קייט אין שמידעריי=זאכען. „אזוי ווי אונזער ברוך מאכט א סאחע — זאגען זיי — ווערט מען שוין אפילו אין „פעטערבורג" אליין אויך נישט מא-כען בעסער!"

חנה האט געגוג ארבייט אין שטוב, עסען צו דער צייט צוגרייטען, דאס פיהעלע איהרע ארומזעהען. א פראסטע יודינע איז חנה, כמעט אנ'אמת'ע פויערטע. קאכט אין שטוב אלע גוישע אכילות: „קוטיא", „טאל-קאניצא", „סוירעפא". זשאלעוועט זאלץ אין דאס ברויט ביים באקען; זאלץ קאסט געלד, אין דארף וואקסט עס נישט. פלעגט אמאל קראנק ווע-רען א קינד ביי איהר, פלעגט זי אלע גויטישע רפואות אויספרובירען: א

גאַנצע גלעזעל שמאַלץ מיט אַמאָל אויסטרינקען געבען, אַ גלאָז צום בויך צוטשטעלען, צוריבענע זשאַבע־שיסעלעך צום אָרט, וואו ס'טהוט וועה, צולעגען, מאַחאָרקע פערקאָכען און דאָס וואַסער פון דעם צו ביסעלעך טרינקען געבען...

ברוך און חנה בענקען געוואַלדיג נאָך די קינדער. זיי דערוואַרטען זיך קוים אַ גוישען יום־טוב, ווען וועניגער אַרבייט אין קוזניע איז דאָ, מ'דינגט פאַר 3 טעפ זאַלץ אַ גוישע פוהר און מ'פאָהרט אין „מקום" צו אַ קינד צו גאַסט. מ'פיהרט מיט זיך מתנות: עטליכע טרוקענע קעזלעך, זיי שעמנאַסטקע קאַרטאָפעל: זאָלען די אייניקלעך נישט זשעדנע זיין אַ קאַרטאָפעל, אין שטאָדט קאָסט דאָך עס טייער...

הנה'ן געפעהלט נישט גרייליך דאָס לעבען ביים זוהן אין שטוב: עפּעס עסט מען גאָרנישט ביי איהם, אַ „גריצעל" מיט אַ פאָר קאַרטאָפּליעם קאָכט מען אָב און מיט דעם לעבט מען אַ גאַנצען טאָג!... אַזוי האָבען דען די קינדערלעך געגעסען ביי איהר, אין דאָרף? גאַנצע טעפ „טאָלקאַניצע" פלעגט מען דאָך טאָג־טעגליך אויפעסען! אַרבעס האָט דען געפעהלט? פאַסאָליעם וועניג געווען? ווי די „באָרסוקעס" האָבען דאָך די קינדערלעך ביי איהר קליינוויין־אויף אויסגעוויזען!... און די אייניקלעך אַצונד? אוי, ווי אויסגעמאָגערט, ווי פע'חושכ'ט זיי זענען!... זיי ווייסען דען וואָס אַ גלעזעל מילך, אַ איבעריגע שיסעלקע אַרבעס איז?.. נעהמט זי צוריק מיט זיך אין דאָרף אַ פּאָר אייניקלעך. אויף עטליכע וואָכען, אויף „פּאָפראַוועען זיך" בעט זי זיי אויס ביי דער שנור און פאָהרט צוריק צופרידען: וועט האָבען אַרום וועמען אַרומגעהן, וועט האָבען וועמען צוצוזעהן...

קומען ברוך מיט חנה'ן צוריק אין וואָראָבי, וואַרט מען אויף נאָך אַ „חגא", מ'צעהלט די טעג, מ'זאָל קענען פאָהרען אַ צווייטען קינד בעזוכען...

ס'פעהלט קיין פרנסה נישט ברוכ'ן און ס'לעבט זיך איהם גאָר נישט שלעכט אין דאָרף, אָבער „איין יוד" איז ער אין וואָראָבי געבליבען, און אַז עס קומט שבת, פאַלט אויף איהם אַ אומעט אָן: ניטאָ קיין מנין, ניטאָ וואו צו דאַוונען...

ציהט אַרויף אויף זיך ברוך שבת אין דער פריה דעם טלית. הויבט אָן צו דאַוונען, ס'פערקלעמט אָבער דאָס האַרץ, די ווערטער געהען פון מויל נישט... וואָלט ער זיך פאַר'ן ווייב נישט געשעמט, וואָלט ער זיך פונאַנדערגעוויינט...

.... יאַשקאַ, בויטרוק געהען דאָך אויך זונטאָג אין צערקווע —

טראַכט פערבּיטערט בּרוך — און איך ? ערגער פון אַ פּראָסטען גוי בּין איך דאָך ! הער איך דען גאָטס וואָרט אַמאָל ? ווייס איך דען וואָס אַנ'עליה איז ? . . .

אַמאָל, שוין לאַנג, האָט אינ'ם נאָהנטען הויף אַ יוד אַ פּאַסעקער געוואוינט. אַ שטענדיגער מנין איז בּיי איהם אין שטוב געווען. פלעגט קומען אַ שבת, אַ יום־טוב, פלעגען זיך אַלע ישוב'ניקעס פון די נאָהנטע דערפער צום מנין צונויפקומען. דאָרט האָט מען זיך געזעהן איינע מיט די אַנדערע, אַלע וועלט־נייעס זיך אָנגעהערט: צום פּאַסעקער איז דאָך אַ „בּלאַט" געגאַנגען . . .

מעהר יודישליך, אין אַ הייליגער שטימונג פלעגט זיך בּרוך שבת בּיים מנין פיהלען. אַ פולע שטוב מיט יודען, בּרוך גיט יעדען שלום־עליכם: אַ יוד צווישען אַלע יודען. מען דאַווענט, די עברי געהט איהם אפילו שווער צו, ער קען קוים דעריאָגען דעם חזן, מוז זיך גוט צוציעלעהען, ווי אויסצושיסען פון אַ בּיקס, צו יעדער „בּרוך הוא וברוך שמו" און „אמן". ער איז אָבער צופרידען: מיט'ן מנין דאַוועט ער, גאָטס ווערטער הערט ער . . . מען לייענט די תורה: דאָס האַרץ הויבּט איהם אָן שטאַרק צו קלאַפּען: האָט מורא, טאָמער וועט מען איהם מפטיר געבּען . . . אַ שווערע זאַך פאַר איהם דער מפטיר: אַזוי פיעל בּרכות מאַכען, דערצו נאָך דאָס ענדיגען מיט'ן נגון דעם לעצטען פּסוק פון דער הפטורה. די סדרה דערגעהט שוין צום סוף . . . „רבּונו של עולם! חאָטש גלילה זאָלען זיי מיר געבּען, אַבּי ניט מפטיר!" בּעט זיך בּרוך רחמים בּיים אויבּערשטען. נאָר ס'העלפט ניט, — מ'רופט איהם שוין אויף צו מפטיר. ער וואַרפט אַ בּליק פול מיט שנאה צו זיינע שכנים: זעליג דעם שענקער און לייזער דעם קרעמער. ער ווייס, אַז דאָס איז זייערס אַ שפּיצעל. זיי ריידען דאָס איין אַלעמען, מען זאָל איהם אַזוי אָפּט מיט מפטיר מכבּד זיין, כדי דער מנין זאָל האָבּען אַ בּיסעל הנאה פון זיין עברי זאָגען . . .

אַ צייט שטעהט בּרוך פערטראַכטערהייד. דער טלית אויף די פּלייצעס, דער סדור פאַר די אויגען, נאָר די געדאַנקען זיינע שוועבּען אַרום מנין . . . אַ געוואַלדיגע בּענקשאַפט נעהמט אַרום זיין האַרץ . . . אַוואו נעהמט מען דעם אַמאָליגען מנין ? . . געקושט, געהאַלזט וואָלט ער אַצונד דעם שענקער, לייזער דעם קרעמער . . . זאָלען זיי נור זיין, חאָטש איין מאָל אין וואָך אַ יודען אָנקוקען . . .

קוים קוים, מיט פערשטיקטע טרעהרען אין האַלז, פערענדיגט בּרוך

זײַן דאַוונען, מאַכט קידוש, עסען גלוסט זיך נאָך נישט, הויבט ער אָן אַרומגעהן אַהין און צוריק איבערן בעשאָטענעם מיט געלען זאַמד „טאָק“.

חנה האָט שוין לאַנג ווי עס איז אָבגעדאַווענט, זיצט נעבען טישעל, קוקט זיך צו מיט גרויס פערגעניגען, ווי איהרע צווײַ אייניקלעך, וועלכע גאָבציקען בײַ איהר אַצונד, שפּילען זיך מיט דער קאַץ. אָט יאָגען זיי איהר אָן, ווילען איהר ווײַדעל אין אַ צושפּאָלטענעם פלעקעל אַרײַנזעצען, נאָר די קאַץ רײַסט זיך אַרויס פון זייערע הענד און פערקלײַבט זיך טיעף אין קאָטוך. זיי קריכען אויף אַלע פיער אויך אַהין אַרײַן... חנה פיהלט גאָר נישט קיין שום אומעט נאָכ'ן מנין: די אייניקלעך זענען דאָ, וואָס דאַרף זי נאָך?...

לאַנג, לאַנג געהט אַרום ברוך אין חאַטע פון איין ווינקעל צום אַנ-דערן און איז פערזונקען אין מחשבות. שבת יאַווען זיך אַזוי פיעל מחשבות אין קאָפּ... טראַכט וועגען זײַן זיידען, וועלכער איז אויך אַ שמיד אין וואָראָבי געווען און פונדעסטוועגען אַזוי פײַן לערנען געקענט... דערמאָהנט ער זיך פּלוצים, ווי דער אָרב טאַטע זײַנער איז געשטאַנען, קיין גוי אין גאַנצען דאָרף האָט דעמאָלט געוואָלט זײַן פערד און וואָגען פערדינגען, אום דעם געשטאָרבענעם אין שטאָדט אַוועקפיהרען ... מ'האָט דעמאָלט גערעדט אין דאָרף, אַז ווער ס'פיהרט אַ יודישען מת — פגר'ן אויס בײַ איהם די בהמות אין „האָספּאָדאַרקע“... קוים אַנ'אַלטען, קרעציגען פערדעל בײַ אַ „באַטראַק“, וואָס האָט מעהר ווי דאָס שטיקעל בהמה ניט פערמאָגט, גע-קריגען... די גויים האָבען דעמאָלט חוזק געמאַכט... אַצונד איז ער שוין אַלײַן אַלט, וועט מען איהם אויך אַזוי פיהרען נאָכ'ן טויט?.. ס'גיט עפּעס אַזוי אַ ציטער דאָס האַרץ... חאָטש אַ יאָהר, חאָטש אַ האַלב יאָהר פאַר'ן טויט אין „מקום“ אַרויספאָהרען...

דער זומערדיגער שבת שלעפּט זיך עפּעס מאָדנע לאַנג. אַנ'אָביקומעניש איז ער פאַר ברוכ'ן. געהט אַרום אַ גאַנצען שבת און געניעצט, האַלט זיך איין פון שלאָף: ניט געדאַוועגט מיט'ן מנין און נאָך שלאָפען אום שבת! וועט דאָך גאָר פון איהם אַ „יורקע“ ווערען... פּרובט ער אַרײַנקוקען אין אַ חומש — פערשטעהט ער דאָרט איין וואָרט פון הונדערט... זיפצט ער שווער אָב און לעגט איהם צוריק אַוועק. פון די גויים דערווײַטערט ער זיך שבת: וויל זיך נישט וואָכעדיג מאַכען. עפּעס ווײַט פיהלט ער זיך פון שבת. ער דערוואַרט זיך קוים פאַרנאַכטצײַט, געהט אַרום פאַרבײַ דער חאַטע און קוקט אויפ'ן הימעל, וואַרט, ביז וואַנען ס'וועט זיך אַ שטערן

ווײַזען, וועט ער קענען מעריב דאַווגען, צוריק וואָכֿעדיג ווערען און דער שבת'דיגער אומעט וועט אויפהערען זײַן האַרץ צו נאָגען . . .

עס געהען צו צו איהם עטליכֿע אַלטע גוים, גיבען אָב „דאָברי-וועטשער״, שטעלען זיך אַוועק נעבען איהם און הויבען אויך אָן אויסקוקען אומגעדולדיג אַ שטערן אין הימעל . . . זײַ ווײַסען, אַז אָהן אַ שטערן וועט זיך ברוך נישט שטעלען צו דער „נאָצנער מאָדליטווע״ און פאַר דעם וועט מען בײַ זײַן ווײַב חנה'ן קײַן סחורה נישט קריגען, דאָס הײַסט: שמעק-טאַבאַק, מאַחאָרקע און נאָך אַזעלכֿע אַרטיקלען, מיט וועלכֿע זי האַנדעלט צו, זינט ס'איז לײַזער דער קרעמער פון דאָרף אַרויסגעטריבען געוואָרען.

די אָזערע, וועלכֿע ציהט זיך אויף יענער זײַט וועג נעבען ברוכֿ'ס חאַטע בעקומט אַלץ מעהר אַ שטאָל-קאָליר פון די טונקעלע שאַטענס, וואָס בערעקען זי ביסלעכווײַז צו. פון צײַט צו צײַט שפּרינגען אַרויס קלײַנע פּישעלעך פונ'ם וואַסער, גיבען אַ גלאַנץ אין דער לופטען מיט אַ זילבערנעם זײַטעל און פאַלען באַלד צוריק אין וואַסער אַרײַן. די גויים בעמערקען: „בײַנאַכֿט וועט זײַן אַ רעגען.״ אַלע פערקוקען זיך אויף די פּישעלעך, ווי זײַ שפּיעלען זיך אין וואַסער, מען שמײַכֿעלט אײַנער צום אַנדערן און מען בעגלײַט יעדערס אַרויסשפּרינגען פונ'ם וואַסער מיט אײַנצעלנע ווערטער: „אַ-נוליאַ״, „באַטשיש?״, „קאַב יעיאָ!״

דערווײַל ווערט פינסטערליך. שטערן אויפ'ן הימעל — וויפיעל דאָס האַרץ געלוסט! ברוך ניט זיך אַ חאַפּ, לויפט אַרײַן אין חאַטע און דאַווענט אָב מעריב. נאָך מעריב געהט ער שוין אַרויס צוריק אין דרויסען מיט אַ פערראויכֿערטער ליולקע. די גויים רויכֿערן שוין אויך, מען צוזעצט זיך אויפ'ן פּריזבע.

—כֿ'פאָהר אַזוי אײַנמאָל פון קערטאַזש—הויבט אָן דערצעהלען ליעוואָן, אַן'אַלטער גוי, קוים וואָס ער שלעפּט זיך — אַ בלאָטע געווען, אָסיען געווען, בײַנאַכֿט געווען, כֿ'פאָהר אַזוי נעבען קאַמויקע . . . נײַן, „ליודקאָוויע״, ניט נעבען קאַמויקע, נור נעבען ליפּעצע און אפשר? . . . וואַרטץ, „ליודקאָוויע!״ . . . יאָ, יאָ טאַקי נעבען קאַמויקע, כֿ'פאָהר אַזוי, שטעלט זיך פּלוצים די קאָבילע, שרײַ איך: „אַ נו!״ — די קאָבילע וויל נישט געהן . . . נו, קריך איך אַראָב פון וואָגען. „אַ-נו-ליאַ״ — ליעגט אַ געבונדענער שעפּס אויפ'ן מיטען וועג . . . טראַכֿט איך מיר: אַ „דורני״ געפאָהרען צום קערטאַזש, האָט אָנגעוואָהרען . . . נו, האָב איך זיך דערפרעהט, גענומען אַרויפגעלעגט דעם שעפּס אויפ'ן וואָגען און אַוועקגעפאָהרען ווײַטער . . . כֿ'פאָהר, כֿ'פאָהר, ס'האָט שוין בעדאַרפט זײַן די גרעבליע פון אונזער־

אָזיערע, „דזיוונאָ ליאַ!“, ניטאָ! וואָס מיינט איהר „ליודקאָוויע“? אַ גאַנצע נאַכט האָב איך אַזוי געפּלוטעט... ערשט פאַרטאָג, אַז די העהנער האָבען שוין אָנגעהויבען קרעהען, ניט דער שעפּס אַ שפּרונג אַרויס פון וואָגען און לאַכט זיך ווילד פונאַנדער!... קאַלט איז מיר אונטערן „שוויטקע“ געוואָרען און דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט: טוק, טוק, טוק, פונקט ווי אַ דיאַמיעל אין וואַלד!... כ׳קוק זיך אַרום: איך שטעה אַריינגעריאַזיעט אין די ליעסאָוושיזנער בלאָטעס!...

— אַ שר!... ברומען די גויים.

— אַ „וואוקולאַק“ איז ערגער — רופט זיך אָב בויטרוך טיעטיערקאָ, דער „סאָטסקי“ פון דאָרף — אַ וואוקולאַק אַז מ׳טשעפּעט — וועסטו שוין מיט דיין איינענעם טויט נישט שטאַרבען!.. ביים לאַשיניאַנער פּריץ האָט זיך אַמאָל אַ „וואוקולאַק“ פערנאַרזשעט. מ׳שטעהט אויף אַמאָל אין לאַשיניאַן אין דערפריה, זעהט מען — ס׳איז דער גאַנצער סאָד צוגראָבען. מ׳שטעהט אויף אין לאַשיניאַן דעם צווייטען טאָג, זעהט מען — ס׳איז ניטאָ די גאַנצע „סאַלאַ“ און דאָס גאַנצע פּלויט פון „קליעט“... „ושליעליאַ!“... קומען אין ויערפריה די פּאַרובקעס צום פּריץ און בעטען זיך ביי איהם, וויינען אַזש: „פּאַנאָטשקו, שיק נאָך אַ זנאַהאַר, וועט ער דעם „וואוקולאַק“ פערטרייבען!“.. לאַכט דער פּריץ, „בלאַזני ליאַ“, און זאָגט צו די פּאַרובקעס: כ׳וועל איהם אַליין פערטרייבען!... נו, געקומען די נאַכט, נעהמט דער לאַשינינער פּריץ זיין ביקס און שטעלט זיך אַוועק היטען דעם „וואוקולאַק“...

— חע, חע, חע! — צולאַכען זיך אַלע גויים אויפ׳ן פּריזבע — „אָ טאָ דורני!“ מיט אַ ביקס אַקעגען אַ וואוקולאַק? חע, חע, חע!.. וואָס אַ פּריץ קען!..

— גרינגע מחות ביי די פּריצים, זיי ווייסען דען וואָס זיי טהוען?

— ציהט ווייטער בויטרוך טיעטיערקאָ — אַ וואוקולאַק טאָר מען ניט טשעפּען! מיט אַ וואוקולאַק דאַרף מען געהן נאָר מיט גוטען, אַ וואוקולאַק, אַז ער וויל, טהוט ער אַמאָל אַ מענשען אַ טובה אויך!.. נו, „ליודקאָוויע“ וואוו האָב איך געהאַלטען?.. יאָ, קומט ביינאַכט דער וואוקולאַק, נעהמט דער פּריץ דער „בלאַזני“ און שיסט אין איהם אוים! דער וואוקולאַק איז אַזוי ווי אין דער ערד פערפאַלען געוואָרען!.. נו, קלוגע מענשען האָבען דעמאָלט באַלד געזאָגט: „ושליע בודיע“ — דער וואוקולאַק וועט נישט שווייגען... „אַ־נו־ליא“ ס׳איז אַוועק קוים אַ וואָך און דער לאַשינינער פּריץ איז פערפאַלען געוואָרען!.. האָט מען איהם געזוכט אַ טאָג,

צוויי, דריי, פיער — „נימאַ !“ אויפ׳ן פינפטען טאָג האָט מען איהם געפונען אין וואַלד אַנ׳אויפגעהאָנגענעם ! . . .

די לעצטע ווערטער בּויטרוק׳ס וואַרפען אָן עפּעס אַ שרעק אויף די גויים. מ׳סאָפּעט האַסטיג מיט די ליולקעס און מ׳זיצט שטיל, פערטיעפט יעדערער אין זיינע געדאַנקען און שווער ריהרען זיך די געדאַנקען אין זייערע קעפּ, ווי אַ סאָחע אין האַרטער, קיינמאָל געאַקערטער ערד . . .

מיחאַלקע „סינאָר“ — אַנ׳אַלטער און קלוגער גוי, וועלכער האָט דאָס צונעמעניש „סינאָר“ געקראָגען אין דאָרף צוליעב זיין אָנגעלעזענהייט אין די הייליגע ספרים און ליעב־האָבען שענע מעשיות דערצעהלען — וויל זיך דערמאָהנען עפּעס אַ מעשה. איהם פערגלוסט זיך געוואַלדיג עפּעס דערצעהלען. מעשיות ווייס ער אפילו אַ סך, נאָר ער האָט ליעב צו דערצעהלען יעדעס מאָל אַ נייע, האָט פיינט איבּער׳חזר׳ן די אַלטע. שטאָפּט ער אָן די ליולקע מיט טיטון און טראַכט, טראַכט . . . און דערמאָהנט זיך אַ מעשה פון אַ גרויסער שטאָדט: ס׳איז פאַרהאַן אין אַ שטאָדט זעהר אַ רייכער סוחר, איז יעדעס יאָהר אין זיין געבּורטס־טאָג צוטיילט ער אין גאַנץ שטאָדט אויף יעדען נפש צו פלעשעל בּראָנפען, צו גרויסע ווייסע בּולקע, צו פּעקעל מאַחאָרקע און צו פּעקעל שוועבּעלעך . . .

— אַזוי, אַזוי ! — פערוואונדערן זיך שטאַרק די גוים, אויסהערענדיג די מעשה — צו פּעקעל מאַחאָרקע און צו פּעקעל שוועבּעלעך אויך, זאָגסטו מיחאַלקאָ ?

מיחאַלקאָ פוילט זיך נישט און דערצעהלט די מעשה נאָך אַמאָל. די גויים סמאַקעווען מיט די ליפּען און חזר׳ן איבער יעדער פאַר זיך: צו פלעשעל בּראָנפען, צו בּולקע, צו פּעקעל מאַחאָרקע און צו פּעקעל שוועבּעלעך . . . אוי, ווי גוט דאָס איז ! . . אָט דאָס מוז זיין אַ גוטער מענש, יענער סוחר ! . .

— אויף יעדער נפש פון גאַנצען שטאָדט, זאָגסטו מיחאַלקאָ ? — חאַונדערט זיך ליעוואָן — אויף קליינע קינדער אויך ?

פאַר די קליינע קינדער נעהמען אָב זייערע טאַטעס ! — ענטפערט מיחאַלקאָ — וואָס פערשטעהסטו דאָס נישט ? אַזוי איז פאָרט דער ווילען פונ׳ם רייכען סוחר !

די גויים לאָזען אַראָב די קעפּ און פערטראַכטען זיך. אין זייערע הערצער דערוועקט זיך אַ שטאַרקע קנאה צו די גליקליכע איינוואוינער פון יענער שטאָדט . . . הלואי וואָלט עס אין זייער דאָרף אַזאַ רייכער סוחר געוואוינט ! . . .

די נאַכט איז אַ רונקעלע, ס'איז וואַרים, שטיל. ס'ציהט זיך פון ערגעץ וויַיט אַ לייַכטער ריח פון גריקעאפּויבליהעכץ. די אויערע פערציהט זיך מיט אַ חייַסליכען געבעלקלייַד. פונ'ם וועג דערטראָגט זיך אַ סופּערייַ פון צעהגרליגער פערדישע פיס און אַ געזאַנג פון יונגע שקצים: דאָס פאָהרט מען אויף „נאָטשליעג“ אויף דער גרויסער לאָנקע, וואָס איז אויסגעשפּרייט אויף יענער זייט אָזיערע. די פערד וועט מען דאָרט אַ גאַנצע נאַכט פאַשען. „פּוגייָם“ וועלען זיי די שקצים אויף די פערערשטע פיס אָנטהון און אַלייַן זיך לעגען שלאָפען אונטער'ן בלויזען הימעל, צודעקענדיג זיך מיט די וואַרימע „קאָזשוחעס“ און גראָבע „שוויטקעס“. נור צווייַ שומרים וועט מען איבערלאָזען די פערד היטען, אַ געוואַלט מאַכען, ווען פערד־גנבים וועלען זיך בייַנאַכט צום נאָטשליעג צורוקען...

ברוך דערמאָהנט זיך, ווי ער האָט אַמאָל יונגעלווייַז אַ גאַנץ זומער צוזאַמען מיט די שקצים אויף „נאָטשליעג“ געפאָהרען... אַ שלעכטער זומער געווען, וועניג אַרבייַט אין קוזניע געווען. האָט דער טאַטע זייַנער אַ פערד געקויפט, שטייַנער אַ גאַנץ זומער געפיהרט צום שאָסע, וואָס מ'האָט עטליכע מייַל וויַיט פון דאָרף געבויט: מיחאַלקע „סינאָד“ איז נאָך דעמאָלט אַ יונגער שייַגעץ געוועזען, זייַן בעסטער חבר געווען, מיט איהם צוזאַמען אויף איין „שוויטקע“ גאַנצענע נעכט געשלאָפען..., מיט גרויס ליעבשאַפט גיט ברוך אַצינד אַ קוק אויף מיחאַלקע „סינאָד'ן“, מישט זיך פלוצים אַריין אין געשפּרעך, דערצעהלט אויך אַ מעשה, ווי ביים פאַסעסער האָבען זיך אַמאָל ווילדע חזרים אין די קאַרטאָפעל פערנאַרושעט...

ברוך פיהלט זיך שוין וואָכעדיג, זייַן שבת'דיגער אומעט איז שוין אוועק, דאָס האַרץ האָט שוין אויפגעהערט צו נאָגען, פיעל נעהנטער פיהלט ער זיך יעצט צו די גוייִם...

פאַרטאָג גלייַך מיט דער זון שטעהט ברוך זונטאָג אין דערפריה אויף. דאַוונט אָב, עסט אויף גיך אַ שיסעלקע „טאָלקאַניצע“ און לויפט צום קוזניע, וואָס שטעהט דיכט נעבען ברעג אָזיערע.

די זון האָט זיך שוין דערווייַל אַרויסגע'גנב'עט פון הינטער'ן וואַלד, וואָס פערשטעלט דאָרט וויַיט־וויַיט דעם גאַנצען האָריזאָנט, און האָט מיט איהרע וואַרעמע שטראַהלען אָנגעהויבען צוטרייַבען דעם נעבעל, וואָס הענגט איבער'ן אָזיערע. דער אַויר, וואָס וואַקסט נעבען ברעג, שלאָפט פער־חלומ'ט און וואַרט, אַ ווינטעלע זאָל איהם פון שלאָף אויפוועקען... שטיל שטעהען די בעריאָזקעלעך נעבען קוזניע, קיין צווייַגעלע ריהרט זיך נישט אויף זיי. פון דאָרף דערטראָגט זיך נישט דער מינדסטער שאָרך, יום־טוב

היינט — אײַלט מען זיך נישט מיט'ן אויפשטעהן. שטיל, שטיל אַרום . . .

נאָר אַט הויבען זיך אָן צו טראָגען פון קוזניע האַרטע מעטאַל־קלאַנגען. די קלאַנגערײַ פערהפולט די גאַנצע לופט און וועקט די שלאָפענדע נאַטור און מענשען אַרום און אַרום.

אין דאָרף האָבען מסתמא די ערשטע דערהערט בחורים קלאַפּערײַ די שקצים מיט שיקסעס, די פּאַסטיכער, וואָס שלאָפען אין דרויסען אין די „קליעטיקען", וואָרום באַלד האָבען זיך בעוויזען אויפ'ן וועג געבען אויערע אָקסען מיט יונגע ביטשקעס. האָפּ! אַליאָ! שרײַען די יונגע פּאַסטיכער, אַנטרײַבענדיג די אָקסען, און קנאַקען מיט די לאַנגע בײַטשען. מ'אײַלט זיך שוין, עס איז שוין שפּעט, מ'האָט פערשלאָפען. די אָקסען אײַלען זיך אָבער גאָר נישט. זיי געהען סאָליד, שטעלען זיך אָב, בעשמעקען די ערד, טרײַבען זיי די פּאַסטיכער אָב, לאָזען זיי אַרויס אַ ריק, אַז מ'הערט אין צעהנטען דאָרף. די יונגע ביטשקעס, וועלכע געהען נאָך די אַלטע אָקסען, עפּעס פערטראַכט זײַן זיך, ווי די קלײַנשטעדטעלדיגע יונגע בעל־הבית'לעך, דערהערענדיג דעם ריק, שטעלען זיך אָב, אַזוי ווי זיי ווילען זיך עפּעס דערמאָהנען און פּלוצים הויבט מען אָן ענטפערן אויף אַלע כלים . . . לאַנג, לאַנג טראָגען זיך אַרום זייערע קולות, ביז וואַנען זיי ווערען ערגעץ פערהילכט אין די קושאַקעס אויף יענער זײַט אָזיערע . . .

עס סקריפּען שוין אין דאָרף די „זשוראַווען" בײַ די ברונימער, איינציגע קולות פערטראָגען זיך פון דאָרט. דינינקע זײַלען רויך הויבען זיך אָן בעווײַזען כטעט מיט איין מאָל פון אַלע קוימענס. ראָזליך, בעגילדעט פון די זון־שטראַהלען ציהען זיי זיך גלײַכע־גלײַכע צום הימעל, אין לופט צוטראָגט זיך אַ געשמאַקער ריח פון פערברענטע יעגלינע־צווײַגען. עפּעס דערפרישט אַזוי דער ריח און מאַכט פרעהליך די גויים, וואָס זעגען נאָר וואָס נאָך האַלב־פערשלאָפענע אַרויסגעקראָכען פון די חאַטעס, אַז זיי הויבען אָן חיצלען זיך מיט די אַנטקעגענענדיגע איבערן וועג שכנים.

פול מיט פרישען טוי זענען נאָך בעדעקט די שמאָלע, גרינע לאַנקעלעך, וואָס ציהען זיך פון די חאַטעס צו די שײַערן. די יונגע „פּאָדסאָלנוחעס" אין די קלײַנע גערטעלעך פאַר די חאַטעס שטעהען פרישינקע, אַרומגעוואַשענע און שמײַכלען חנ'עוודיג מיט זייערע געלע קעפּעלעך צו דער זון, וואָס בעוואַרימט זיי אַזוי ליעבליך. עס זשוזשען שוין די ביהנען אַרום די ביהנשטאָקען, זיי אַרבײַטען שוין, זיי ווייסען פון קיין זונטאָג נישט . . .

די זון הויבט זיך אַלץ העכער, ס'ווערט הייסער. גויים מיט גויעס קלײַבען זיך שוין אין צערקווע. די גויים טראָגען אין די הענד די שטיוועל,

דִי גוֹיעֶם — דִי שִיךְ: פַאר דעֶר צעֶרקווע וועֶט מעֶן זײַ אָנטהון, דעֶרווײַל אִיז אַ שאָר . . . קלײַנעֶ שקצים׳לעֶך מִיט שִיקסעֶלעֶך פעֶרקלײַבעֶן זִיךְ צום ברעֶג אָזיעֶרעֶ. מעֶן באָדט זִיךְ, מ׳גראָבט אויס זשאַבעֶ־שִיסעֶלעֶך פונ׳ם זאַמד, מ׳חאַפּט פִיש.

נִיט ווײַט פון קוזניעֶ, דאָרט וואו דאָס וואַסעֶר אִין אָזיעֶרעֶ אִיז טִיפּ־פעֶר, זִיצט אַ מחנה שקצים׳לעֶך. מ׳זִיצט זעֶהר שטִיל: מ׳חאַפּט פִיש מִיט ווענדקעֶס. שעה׳נווײַז וועֶרט זײַ נִיט נמאס קוקעֶן אויפ׳ן „פּאָפּלאַוואָק“, טאָמעֶר גִיט עֶר זִיךְ פּלוצִים אִין וואַסעֶר אַ טונק . . . טרעֶפט עֶמִיצעֶן פון זײַ אַ גלִיק, שלעֶפּט אַרויס פון וואַסעֶר אַ „פּלאָטווע“ אָדעֶר אַ „קעֶלב“, וועֶרט אויף אַ מִינוט אַ געֶרודעֶר, אַלעֶ בעֶטראַכטעֶן דאָס פִישעֶל. נאָר דעֶר גלִיקלִיכעֶר אײַלט זִיךְ, צִיהט אַרויף דאָס פִישעֶל דורך דִי „זשאַברעֶס“ אויף אַ שנִירעֶל, לאָזט אַרײַן דאָס שנִירעֶל אִין וואַסעֶר און צִיהט אַרויף אַ פרִישעֶן וואָרִים אויפ׳ן האַטשִיק. צווִישעֶן דִי שקצים׳לעֶך מִיט דִי ווײַסעֶ קעֶפּלעֶך וואַרפעֶן זִיךְ אִין דִי אויגעֶן צווײַ שוואַרצעֶ קעֶפּלעֶך — דאָס זעֶנעֶן „בני ישראל“: ברוכ׳ס אײַנִיקלעֶך. ווִי אַ פּאָר שוואַרצעֶ שעֶפּסעֶלעֶך צווִישעֶן אַ גאַנצעֶר סטאַדעֶ ווײַסעֶ שעֶפּסעֶלעֶך ווײַזעֶן זײַ אויס. זײַ זעֶנעֶן קוים אַ וואָך אִין דאָרף. פונדעֶסטוועֶגעֶן פעֶרשטעֶהעֶן זײַ שוין דִי שקצים׳לעֶך, רײדעֶן שוין אַ סךְ גוישעֶ ווערטעֶר, מִישעֶן צו יודִישעֶ, נאָר עֶס אִיז קײן בײז: דִי שקצים׳לעֶך זעֶנעֶן גוטעֶ חברים׳לעֶך, האָבעֶן זײַ שוין אויסגעֶלעֶרנט אויסגראָבעֶן פון דעֶר עֶרד וועֶרִים, אונטעֶרהאַקעֶן דאָס פִישעֶל. ווען דעֶר „פּאָפּלאַוואָק“ גִיט זִיךְ אַ טונק אִין וואַסעֶר, און נאָךְ אַזעֶלכעֶ נויטִיגעֶ ידיעות. זעֶהר צופרִי־דעֶן זִיצעֶן זִיךְ דִי „בני ישראל“ צווִישעֶן דִי שקצים׳לעֶך, דִי שוואַרצעֶ אויגעֶ־לעֶך זעֶנעֶן אָנגעֶשטרעֶנגט אויפ׳ן וואַסעֶר, מ׳פִיהלט גאָר דִי היץ נִישט, מ׳אִיז געֶוואַלדִיג פעֶרנומעֶן . . .

ברוך שטעֶהט נעֶבעֶן קוזניעֶ און פּאָרעֶט זִיךְ אִיבעֶר אַ צובראָכעֶנעֶם ראָד. דִי פעֶרסמאָרעֶרטעֶ אַלטעֶ קאַפּאָטעֶ האָט עֶר שוין לאַנג אַראָבגעֶ־וואָרפעֶן פון זִיךְ און אִיז געֶבלִיבעֶן אִין דעֶם האַלב־צורִיסעֶנעֶם וואַטאָוועֶן קאַמזויל, פון אונטעֶר וועֶלכעֶן ס׳העֶנגעֶן אַראָב לאַנגעֶ ציצית. דִי יאַרמולקעֶ האָט זִיךְ אַוועֶקגעֶרוקט אויפ׳ן שפִיץ פּאַטִילִיצעֶ און פון שטעֶרעֶן רִינעֶן אַראָב אויפ׳ן פּנִים און פון דאָרט אויף דעֶר גרויעֶר באָרד גרויסעֶ טראָפּעֶן שווײס, צומִישטעֶ מִיט סאַזשעֶ און שטויב פון קויהלעֶן.

פון דעֶרווײַטעֶנס בעֶווײַזעֶן זִיךְ אויף דעֶר לאָנקעֶ מחנות גויִים מִיט גויעֶס, וועֶלכעֶ געֶהעֶן שוין צורִיק פון דעֶר צעֶרקווע. ברוך העֶרט אויף צו אַרבײַטעֶן און בעֶהאַלט זִיךְ אִין קוזניעֶ: עֶר ווִיל נִישט דעֶרצאָרעֶנעֶן דִי יונגעֶ

גוֹיִים מִיט זײַן אַרבּײַט אום זונטאָג. עפּיִס האָבּען פּלוצים די יונגע וואָראָבּיִער גוֹים פֿײַנט געקראָגען יודען און פאַרוואָס ווײסען זײ אַלײן נישט. פאָהרט אַרײַן אַמאָל אום זונטאָג אַ יוד אַ „אָנוּשניק" אין דאָרף, פאַלען אויף איהם אָן עטליכע יונגע גוֹיִים, שלאָגען איהם גוט אָן: פאָהר ניט אַרום אום יום-טוֹב האַנדלען איבּער די דערפער . . . געהט מען אַמאָל זונטאָג פון צערקווע און מען זעהט, ווי בּרוך שטעהט נעבּען קוזניע און אַרבּײַט — ציִנדט זיך אָן אין זײ אַ פײַער, חאַפּען זיך אַרײַן עטליכע יונגע גוֹים צו איהם אין קוזניע און הויבּען אָן מאַכען אַ חורבן . . . בּרוך איז אָבּער אַ גבּור — אײַזען-שטאַרק, הויבּען אָן די גוֹיִים צו פליהען פון קוזניע ווי די שפענדלעך . . . ווערט אַ געוואַלט, ס'קומען צולויפען נאָך יונגע גוֹיִים . . . ס'לויפען אָבּער אויך אָן אַ סך אַלטע גוֹים . . . מיחאַלקאָ „סינאָר" איז אויך אידאָ . . . מען צוטרײַבּט די יונגע . . .

—וואָס ווילט איהר פון בּרוכ'ן?—צושרײַט זיך מיחאַלקאָ „סינאָר",— ער איז דאָך אַ יוד! בּײַ איהם איז דאָך נעכטען געוועזען זונטאָג! ער האָט דאָך נעכטען גאָר נישט געטהון . . . יעדער מענש האָט דאָך זײַן אמונה! אַ פּאָליאַק האָט זײַן אמונה, אַ דײַטש — זײַנע, אַ טאָטער זײַנע, אפילו אַ „חראַנצוז" האָט דאָך אויך אַ אמונה! . . טאָ וואָס ווילט איהר פון בּרוכ'ן? . . .

און נאָך און נאָך רעדט מיהאַלקאָ סינאָר און די איבּעריגע אַלטע גוֹיִים שאָקלען צו מיט די קעפּ און בּע'דאַנקה'ן שטאַרק, וואָס דער „מאָלאָדאָי ראַנר" איז אַזוי ווילד געוואָרען . . .

עפּעס נישט גוט האָט זיך בּרוך אין דער לעצטער צײַט אום זונטאָג אָנגעהויבּען פיהלען. אין גאַנצען דאָרף איז יום-טוֹב'דיג, אַלע געהען אויסגעפּוצט אין די רײנע, ווײַסע זונטאָגדיגע העמדער און אין נײַע „שוויטקעס" מיט די אַרויסגענײַהטע אַרום די קאַנטען שוואַרצע טאַשמעס, און אַזוי פרעהליך, יום-טוֹב'דיג גלאַנצען זײערע פּנים'ער . . . ס'רוהט דאָס גאַנצע דאָרף, די מענשען, די בּהמוֹת . . . און ער שטעהט און קלאַפּט מיט זײַן גרױסען האַמער, שטערט די יום-טוֹב'דיגע רוה פון דאָרף . . . עפּעס שולדיג פיהלט ער זיך אין דעם און ס'פערגלוסט זיך איהם צווישען אײגענע, צווישען יודען זײַן . . . צום שטעדטעל הויבּט איהם אָן צו ציהען, וואו יודען האָבּען די אויבּערהאַנד . . . דערמאָהנט ער זיך אָבּער, אַז אין שטעדטעל זענען אידאָ גענוג שמידען אָהן איהם . . . אין הונגער, און דחקות לעבּען זײ . . . וואַרפט אַ בּליק אויף זײַן שענע, ווײַסע חאַטע, וואו חנה וואַרט שוין מיט'ן עסען אויף איהם, — לאָזט ער אַרוים אַ שווע-

רעדן זיפץ און נעהמט זיך ווידער צום האמער . . .

נאר ס׳קלאפט זיך שוין נישט מיט אזא חשק, ווי פריהער. און וואס נעהנטער ס׳ווערט צו נאכט, ווען פונ׳ם דארף הויבען זיך אן דערטראגען פרעהליכע געלעכטערס און געזאנגען, ערגעץ־וואו שפיעלט זיך א פידעלע פונאנדער . . . — אלץ שוואכער, איינגעהאלטענער ווערט זיין קלאפען, און דער בעקאנטער שבת׳דיגער אומעט פערקלייבט זיך אין זיין הארצען, און קלענער, צוברא כען פיהלט ער זיך ווידער . . .

יעקב מזוזל.



וואו דו ביזט — — —
און חיז וויים דו װאָלסט נים זיין
פון מיר , אַ , יונגענד מיינע !
דאָך בּענריסט
מיך װען-נים-װעֶן פון דיר אַ שטראַהל ,
עס טהוט אַ שײַן . . .
שוין ליכטיג איבּעראל . . .
און אלע מיינע טאָג-און נאַכט-חלומות
װערען ריינע . . .

און ווי װיסט
עס זאָל נים זיין בּיי מיר אין האַרץ
און װי לעער ; —
דער לעצטער פונק פון האָפענונג
פערלאָשען זיך ,
שוין שוואַרץ . . .
צורונען װי אַ טרעהר . . .
דאָך צוניסט
זיך אַ ליעבּע ליכטינקייט
ווי פון אַ שטראַהלען-סנאָפּ :
דאָס האַרץ הויבּט ווידער ליעבּען אָן ,
פון טרוימען פול דער קאָפּ .
און הייסער ליעבּט זיך ווי אַמאָל ,
און שטאַרקער נאָך , און מעהר . . .

כ׳וועֶר פון ס׳ניט אַ קינד — — —
— צום הימעֶל קוקט זיך חנ׳עֶוודיג ,
עֶס גלויבט זיך אין זײַן הויך . . .
אַ חבר וועֶר איך מיט׳ן ווינד ,
און יאָג מיך נאָכ׳ן רויך . . .
און ווײַנעֶן ווײַנט זיך
קיהלעֶנדיג , —
אַ דאגה מיט דעֶר טרעֶהר ;
און לעֶבעֶן ווילט זיך
שפּיעלעֶנדיג ,
און שטאַרבעֶן איז ניט שווער . . . — —

ס. בּרכהן.

אלא האנסזאן.

# דאס יונגע פאר.

איין אבענד אין מאי האבען מיר דאס יונגע פאר, אונזער פריינד און זיין ווייב, צום שיף בעגלייט, מיט וועלכע זיי האבען אויף זייער האכ-צייטס-רייזע געוואלט אוועקפאהרען. ער האט אויסגעזעהן, ווי א מענש מיט וועלכען עס האט א גרויס גליק געטראפען, און ער שטעהט אין שטילער בעוואונדערונג פאר אלע אונגעאהנטע הערליכקייטען און דערקענט זיך אליין נישט אין דער דאזיגער נייער וועלט, און אויף זיין געזיכט, אין זיינע ווערטער און אין אלע זיינע בעוועגונגען, איז א ליכטיגע רוהיגקייט געלעגען — און זי איז געווען עהנליך צו א זוניגען טאג אין פריהלינג, ווען דאס לעבען שטייגט איבער די ברעגעס.

און ווען די שיף איז פון האפען אבגעשוואומען, איז אונז ביידע געווען, שטעהענדיג אויפ'ן שטראנד, ווי עס וואלט די זון הינטער א וואלקען אונטערגעגאנגען און ווייט, ווייט דרעמעלט אין רוהיגקייט א מערבען-לאנד, אין וועלכען זיי דארפען אנקומען, אבער מיר וועלען עס קיינמאל נישט זעהן, און מיר זענען אנגעגריפען געווארען פונ'ם גרויסען איינזאמקייטס-געפיהל פון לעבען.

דריי מאנאטען שפעטער, אין א לבנה-אבענד פון אויגוסט, האבען מיר זיי עמפפאנגען. ער איז פאר אונז ערשינען ווי איין פריעדלאזער מענש, וואס שיינט אין אלעס צו פערצווייפלען, און ארום זיין מויל איז א צוג געלעגען און אין זיין בליק איין אויסדרוק, ווי ער וואלט שטענדיג איבער א שמערצליכען רעטעניש געטראכט, וואס גיט איהם קיין רוה נישט און ער וועט אנדערש נישט לויז ווערען דערפון ביז ער וועט קענען דאס רעטעניש טרעפען.

זיי זענען צו זיך אהיים געפאהרען, און עס איז פערגאנגען א יאהר, און עס זענען פערגאנגען צוויי יאהר, און מיר האבען נישט פיעל פון זיי געהערט, אבער אין א שעהנעם טאג איז אנגעקומען א לאנגער בריעף, וועלכער איז צו איינעם פון אונז געשיקט געווען, אבער פאר ביידע בעשטימט, און פאלגענדען אינהאלט געהאט:

„עס איז שוין יאהרען זינט מיר האבען זיך דאס לעצטע מאל געזעהן, און איך האב קוים איינמאל מיט עטליכע ארעמע צייל'ען אויף אייער פריינדליכען בריעף גע-

ענטפערט, אָבער איהר דאַרפט דעריבער נישט בייז זיין, דען עס איז מיר אין די צוויי יאָהר נישט גוט געווען. איך בין אין איין אונרוהיגקייט אַרומגעגאַנגען, וואָס האָט מיך פערצערט און מיין זעעלע אַזוי עמפפינדליך געמאַכט. און ווען איך פלעג אַמאָל די פעדער נעהמען און טראַכטען: אָט וועל איך אייך שרייבען, פלעג איך דאָך שטעטס די פעדער צוריק אַוועקוואַרפען, און אויפשפרינגען פון מיין אָרט, מיינענדיג, איך האָב וועגען גאָרנישט וואָס צו שרייבען. און דאָס, וואָס איך טהו דאָס ערשט, קומט דערפון, וואָס אין דעם אויגענבליק, פיהל איך מיך אַזוי שרעקליך! איך זיץ דאָ ווי אַ מענש, אַרום וועלכען אַלעס צופאַלט אין חורבות. און איך פיהל מיך אַזוי קראַנק, וויסט און איינזאַם.

„איך און מיין פרוי לעבען מיר צוזאַמען נישט גליקליך. אָבער ווי שווער עס קומט מיר אָן, דאָך בענש איך די שטונדען, אין וועלכע איך האָב זי אָנגעבאָטען מיינע צו ווערען. דען צוזאַמען מיט איהר האָב איך דאָס הערליכסטע אין לעבען גענאָסען, ווען עס זענען זאָגאַר נאָר עטליכע עלענדע וואָכען געווען; און איך גלויב דאָס אַ מענש וואָס האָט אַזעלכע, ווען זאָגאַר אויך נאָר קורצע סעקונדען איבערגעלעבט, האָט נישט דאָס רעכט צו בעקלאָגען זיך. דען ער האָט דאָך בעקומען, דאָס וואָס ער האָט געקאָנט בעקומען, און דאָס איז אין גרונד גענומען גענוג, איבערצוועגען דאָס עלענדקייט פון גאַנצען לעבען.

„זי האָט זיך מיר איבערגעגעבען נישט קלערענדיג פון זיך אַליין, איבערגעגעבען אָהן רעפלעקסיאָן, וואָס האָט איהר גאַנצעס וועזען, קערפער און זעעלע, געפאַנגען געהאַלטען. זי האָט געטראָפען מיינע פערבאָרגענסטע פערלאַנגען, נאָך איידער זיי זענען רייף געוואָרען, ווען זיי האָבען נאָך נישט דייטליך אין מיין מינע אָדער אין בליק אַרויסגעשטראַהלט. מיינע וואונשען אין די קלענסטע זאַכען, האָט זי פאַר מיר אַלעס גוט געמאַכט, ווי פאַר אַ קליין קינד. זי האָט זיך אין גאַנצען פאַר מיר ענטפלעקט, נישט פערבאָרגענדיג דאָס מינדעסטע, און זעלבסט נישט וויסענדיג האָט זי געקענט, מינוטען-לאַנג זיצען און נאָר קוקען אויף מיר, אַזוי ווי עס וואָלט קיין וואָרט איהרע געדאַנקען אַזאַ שטאַרקען אויסדרוק נישט געקאָנט געבען. און אַזוי האָב איך געהייראַטעט מיט איהר, זי איינענטליך נישט מעהר ליב האָבענדיג וויפיעל אַנדערע פרויען, וואָס איך האָב אין מיין יוגענד בעגעגענט און וואָלט זיי געקענט ליעב האָבען. נאָר דעריבער ווייל איהר איבערגעבען זיך איז ריהרענד געווען, און זי האָט מיר לייד געטהון, און צו דער פערביטרונג פון די יונגע יעהרען בין איך גאַנץ גלייכגילטיג געווען.

„איך האָב גוט פערשטאַנען, ווי קאַלט מיינע געפיהלען אין מיין האַרץ זענען צו דער דאָזיגער ליעבע געווען, אָבער זי האָט געוואוסט פון מיין צערטליכקייט מעהר אַרויסצונאַרען. וויפיל עס איז געווען דאָרט, און איך

זעלבסט בין גליקליך געווען, ווייל זי איז גליקליך געווען — אזוי שטיל און הײַמער, ווי איך בין נאך קיינמאל נישט געוועזען, ווי מען קאן נאר פרעהליך זיין אין א זומער-מארגען, א מארגען מיט פייגעל-געזאנג, און פרישען פרוי און אויבען געהט די זון אויף.

גאנצע צוויי מאנאטען האט דאס געדויערט, און דערווייל זענען מיר אלץ ווייטער קיין דרום געקומען, און עס האט געשטראמט און געבליהט ארום אונז פון דרום'דיגען פריהלינג. מיר זענען געפאהרען איבער'ן רהיין, ארויף מיט'ן שטראם, מיר האבען אויסגערוהט ביי דעם גרינעם, פון דער זון בעפלעקטען זשענעווער מעער. מיר האבען דורכגעווײַלט דורך דער שטארט במ. גאטהארד אין דרום זײַט פון די אלפען, מיט זײַנע ברויזענדע וואסערפאלען, וואס הענגען ווי ווײַסע שלײַערס ביי די ווענד פון די ברעגעס. אין ארוים אויף דער לאמבארדישער פלעכע. דער דאזיגער קאמפלעקס פון פארקען וואס איז נישט מעגליך מיט'ן אויג צו פערחאפען, צווישען וועלכע די שטעדט ליגען צושפרייט ווי וויליקעס, אינ'ם גאנצען זיך טוישענדען געווימעל פון מענשען-געזיכטער און נאטור-ערשיינונגען, וואס מיר האבען געזעהן געשווינד פערביילויפענדיג דורכ'ן פענסטער פון וואגאן, אויפ'ן פארדעק פון שיף, אין די רעסטאראנען פון די האטעלען, זענען מיר אלץ ענגער איינער צום אנדער'ן צוזאמען-געשמידט געווארען, עס האט אויסגעזעהן ווי עס וואלטען אונזערע בלוטען זיך פערמישט. איך האב ארויסגעוואנדערט, אין דער פייערליכע שטימונג פון א קינד אין פרעהליכע רוהע, און עפעס גוטס איז אין מיר געקומען, ווי אויף א צופוילטען בוים-קלאץ שפריצט אמאל א יונג צווייגעל ארוים.

אין א שעהנעם מארגען, ענדע יוני זענען מיר אראבגעשטיגען אויפ'ן ברעג פון בעללאדזיא, א קליין שטעדטעל, וואס דער קאמער-מעער שפרייט זיינע בלאהע ארעם אויס, צום געדרעהטען ברעג-שפיץ, קלעטערט ארויף און קלעבט דארין פעסט. מיר האבען זיך געפיהלט דא אויף דעם ארט אזוי גוט, דאס מיר האבען זיך דא אבגעשטעלט, מיר האבען געוואנדערט איבער די ברעגעס, אדער גערודערט אין דער לענג פון ברעג, און די טעג געלאזען קומען און געהן, נישט וויסענדיג ווי די צייט פערגעהט. שטונדען-לאנג פלעגען מיר זיצען, נאך יעדען מיטאג אונטער'ן בוים אונטען ביים מעער געגען האטעל, אין דרויסען ארום אונז איז שווער און דיק די היץ געלעגען, און דאפעלט פארנע האבען מיר זיך אין גרינעם האלב-דונקעל געפיהלט.

איינמאל האבען מיר אונזערע געוועהנליכע ערטער געפונען פערנומען פון א פאר נײַ-אנגעקומענע רייזענדער, וועלכע איך האב שוין ביי דער האטעל-ריסטע בעמערקט. ער האט אויסגעזעהן ווי איין אפיצער, און די יונגע דאמע איז שיינט מיר זיין טאכטער געוועזען. דאס איז געוועזען איינע פון יענע פרויען-געזיכטער, וואס דערמאהנען מיט דער פלוים-ווייכע רונדונג

פון די ליניען און פײַנע קאַמען, אין וועלכע דער קאָנטראַסט צווישען גרויסע שוואַרצע אויגען און מאַט־בלאָנדע פראַכטפולע האָר, ניט צו דאָס אויסזעהן, אין וועלכען עס איז צו זעהן, זעעלען־פײַנהײַט, ווי זעלטענע פאַרבען ביי אַ געוועהנליכע בלום. און נעבען דעם געזיכט, מיט אַ הויט ווי מעהלינע פלײש־מאַסע פון אַ ווײַסען אַסטראַכאַנישען עפּעל, האָב איך געזעהן מײַן פרוים געזיכט, פול בליהענד און פראָסט ווי בײַ אַ קלײַן קינד; און איך האָב געפיהלט, דאָס ענטגעגען דער לאַנדשאַפט מיט טיף־בלאָהען וואַסער און ווײַסען זונען־לופט, ווי אויסגעשמאָלצען זילבער, און מיט בלאָהליך ווײַסע־ווילעם און פראַכטפאָל טונקעל־גרינם, ענטגעגען דער לאַנדשאַפט, וואָס איז אַזוי רײַכט און ליכטיג ווי אַ מאָרגען־דרעמעל, ווען די זון שײַנט אונטער דער פאָרהאַנג, האָב איך געפיהלט אַז אײַנע פון די בײדע פרויען, אײדעל און פערפײַנערט אין איהר אינטעליגענץ און אין איהרע געפיהלען. וואָלט דעם עסענס פון דער לאַנדשאַפט, איהר פײַנסטען אַראָמאַט און איהר גרינגען דופט געקענט געניסען, ווי מען געניסט טהײַערן פערפום, אָדער אַלטען זויַן, ווערענד די אַנדערע וואָלט איבער דעם געפאַלען ווי אַ הונגעריג קינד, וואָס זעטיגט זיך גערינג און אָרן געשמאַק.

„איך האָב עס דערפיהלט אונגעפעהר, ווי עפּעס אַ גרויסע ענטטוישונג, וואָס איז מיר שווער געפאַלען, און זיך אין מיר אײַנגעבויערט, און דאַן האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, ווי עס וואָלט אונזער צוזאַמען־בונד שוואַך געוואָרען, און ווי איך וואָלט אויסגעוואָקסען פון פרעמדען וועזען, אין וועלכען איך בין נעהאַט אויפגעגאַנגען. איך האָב מיך אַליין ווידער דערקענט, ווי איך בין געוועזען אין די פריהערדיגע צײַטען, איך האָב צוריק בעקומען מײַן וועזען פון אַ מאָל און מײַן אַ מאָליגען בליק. אַלץ אַרום מיר איז ווי נײַ געוואָרען. אין מיר און אַרום מיר, איז געוועזען פונקט ווי עס וואָלט דאָס ליכט פון טאָג אויסגעלאָשען געוואָרען, און איך האָב געהאַט אַזאַ געפיהל, ווי אַ נומער פון אַ קאָנצערט ענדיגט זיך, וואו אַלע זעגען אין דונקעל געזעסען און זיך שווײַגענדיג צוגעהערט, און פלוצלונג איז ליכטיג געוואָרען און אַ געמורמעל האָט זיך אויפגעהויבען. אָבער פריהער פאַר אַלץ האָב איך דערפיהלט, דאָס עפּעס, מיט וואָס איך בין געוועזען צוזאַמען־געוואָקסען, איז אַרום מיר אין אַלע זײַטען לויז געוואָרען. עס האָט אויסגעזעהן, ווי איך וואָלט אויפגעשבאַנגען נאָך אַ ריין פיזישע אומאַרמונג, און איך בין זיך לעבערליך פאָרגעקומען, איך האָב געפיהלט שאַנדע און עקעל, ווי נאָך אַ געמײַנזאַמע נאַכט מיט אַ פרעמדע פרוי.

„מיר האָבען זיך אַרומגעשלעפּט, דאָ און דאָרט, און זי איז אַלץ מעהר געוואָרען פאַר מיר אַ פרעמד פרויען־צימער, מיט וועמען איך בין נאָר צו־

זאמען געפאהרען, און וועמעס בילעט און נאכט-לעגער איך האב בעצאהלט. איהר הויכע ענטציקונג ביי אלץ וואס מיר האבען געזעהן, האט שרעקליך געקלונגען אויף מיין אויפגערעגטע שטימונג, מיר געשטערט און אויסגעדראכט, ווי קינדעריש; איהר אגרעסיווע צונייגונג צו מיר איז געוועזען פאר מיר, ווי נישט פיין און לעכערליך, און איך האב זי בעהאנדעלט ווי א וואלוועלע זאך, וואס מען נעמט אן ווייל מען קאן נישט זאגען: ניין. איך בין געוואָרען אלץ אויפגערעגטער און איראנישער געגען איהר, און האב ביים בעסטען ווילען אין דער וועלט, איהר נישט מעהר געקאנט געבען, ווי מען גיט די ערשטע בעסטע פרוי, וואס קומט איינעם אין וועג ענטגעגען. נאטירליך האט זי שוין נישט געקאנט, נישט בעמערקען, דאס איך בין צו איהר אנדערש, ווי פריהער, געווארען. אין אנהויב, האט זי ענטגעגען געשטעלט, אויף מיין פערהאלטען זיך צו איהר, איהר פערדאכטלאזע און איינפאכע נאטור, און האט געקוקט אויף אלץ, ווי אויף קלייניגקייטען און צופעליגקייטען, ווי אויף איין אויסברוך פון א שלעכטע שטימונג, וואס איז איהר נישט איינגעפאלען פאר א בעזונדערע בעדייטונג אנצונעמען. שפעטער אבער ווען זי האט געזעהן, דאס איהרע געפיהלען און צערטליכקייטען זענען שטענדיג אין מיין קאלטקייט אבגעשטויסען געווארען, ביז אין בלוט פערוואונדעט, און פונקט ווי א אונגנוצליכע שמאטע אין א זייט אוועקגעווארפען געווארען, דא האב איך בעמערקט, ווי זי האט זיך אנגעהויבען צו וואונדערן, און מיט א לאנגען פערוואונדערטען בליק פון א קינד מיך אנגעקוקט וואס האט מיין קראנק געוויסען זעהר וועה געטהון. דאן אבער, ווי זי האט זיך איבערגעציינגט אז דאס איז ערנסט געוועזען, און דאס איך שלעפ זיך מיט איהר ארום, ווי מיט א צו שווערען רייזע-זאק, קאלט, מעכאניש און נישט גערן, ווי מען ערפילט א שווערע פפליכט, דא האט זי זיך אליין צוריקגעצויגען, און איך האב זי אפט געזעהן, מיט א הילפלאזען פארקלערטען אויסדרוק אין בליק, שטאר פאר זיך קוקען, ווי זי וואלט זיך מיט א שמערצליכע פערוואונדערונג אבגענארט, און מאטערט זיך איבער דעם, און קאן דאס נישט בעשיידען. אם ענדע — עס איז געוועזען נאך דעם ווען מיר זענען שוין צוריק אהיים געקומען, ווען מיר זענען שוין דא אין דרויסען געוועזען — ווען מיין אויפרעגונג און מיין איראניע האט זיך איהר אויסגעוויזען בעליידיגענדער ווי אלע מאל, האט זי פלוצלונג, ווי זי וואלט א מאמענטאל איבערקעהרעניש אין איהרע געדאנקען דורך-געמאכט. און ביי איהר איז פארגעקומען, א געוואלדיגע פערענדערונג אין די אינערליכע געפיהלען פון איהר לעבען. עס האט זיך מיר אויסגעדראכט, ווי זי וואלט אנגעשטרענגט איהר גאנצע שטארקע נאטור אין א בליק פון שטאלצקייט און ענטשלאסענע פעראכטונג, וואס זי האט צו מיר געווענדט, און די גאנצע צייט געטראגען

געגען מיר, אין וועלכען איך האב גלייך ווי א שטאָק דערפיהלט, האלב פון בייזע איינגעשפארטקייט און האלב פון מיטלייד און וועהטאָג.

„עס איז שוין דאָרט אויף דער רייזע פיינליך געוועזען, אבוואָהל דאָרט האָבען מיר עס ווינציגער געפיהלט: די שטענדיגע ענדערונג פון מענשען און נאַטור, האָט אָהן אויפהער, דאָס, אָדער אַנדערע נייעס געגעבען, וואָס האָט אונזער זעהן און אונזער דענקען פערהילט. און דאבײַ האָבען מיר נעקאָנט לעבען יעדער פאר זיך, אין זיין איינענער וועלט, נישט געצוואונגען צו זיין, אין אינטים אליין, אין וועלכען מיר זאָלען דאַרפען, אויג אויף אויג, איינער געגען צווייטען שטעהן. אונערטרעגליך אָבער, איז דאָס דאָ געוואָרען, ווען מיר זענען דאָ, אין דרויסען, אליין אין איינזאַמקייט געוועזען, און פון טאָג צו טאָג אָהן אויפהער איינער דעם אַנדערן געמוזט זעהן.

„צו וואָס נוצט דען די ערקלעהרונג? זי וועט דאָך מיך נים פערשטעהן, ווי איך פערשטעה מיך אליין נישט; דען וואָס ווייס איך פון דעם פראָצעס, וואָס איז אין מיר פאר זיך געגאַנגען, פון וואָס בעשטעהט ער און צו וואָס וועט ער ווירקען? — עס איז געוויס נישט מעהר, ווי א נאַטור־נויטווענדיגקייט, איין איבערפאָרמירונג אין מיין פיזישען וועזען, א בעפעהל, וועלכער איז איין אונווילקירליך ווירקונג פון אַ געגעבענע אורזאַך, וואָס מען קאָן נישט זעהן און נישט בעשרייבען, און קאָן דורך קיין זאַך נישט געשטערט ווערען. איך זעה אָבער, דאָס זי וואַרט עפּעס פון מיר, און איך לייד דעריבער. איך זוך מיט נעריגע היים־הונגעריגע נעדאַנקען, עפּעס איין אויסוועג, און געפין קיינעם. אונזער צוקונפטיגעס לעבען ליגט פאר מיר, ווי א פערבאָרגענער שמייכעל, און איך וואָלט געוואָלט מיינע אויגען צומאַכען, אום דאָס נישט צו זעהן; אָבער איך זעה עס דאָך.

„פאַר אונז בײדען איז דאָס לעבען, ווי פון ריזיגער אַרויסגעטראָטען, און עס איז אַ באַגאַטעליע, וואָס האָט דערצו געווירקט. איך קאָן דאָס לעבען נישט האַסען און נישט פעראַכטען. מיין געשפּעט פערשטומט און מיין לאַכען שטאַרבט אויף מיינע ליפּען; און זיצענדיג אין מיטעלפונקט פון „דאַזיין" פיהל איך נאָר שרעק, דען דאַן האָט זיך מיר שטענדיג געדאַכט, דאָס איך בעגעגען דעם שרעקליכען קרומען בליק פון איין וואַהנזיניגען, וועמען מיר אַלע מוזען בלינד און בעוואוסטלאָז פאָלגען, פונקט ווי דער נאַכט־וואַנדלער.

איבערזעצט יעקב פרענער.



# צו תַשְׁלִיךְ.

ראש־השנה פאַרנאַכט
  געהט מען צו די טעשליך ;
טהו איך אָן די אויריגגלעך
  מיט די בלאַנקע מעשלעך .

שטעך מיר אָן דאָס בראָשקעלע ,
  העננ אַרום די קרעלען ;
וועט מיך זעהן מײַן הארציגער ,
  לאָמיך איהם געפעלען .

קום איך פאַר׳ן בריקעלע ,
  שטעל מיך בײַ דער מאַמען —
טרעף איך באַלד מײַן אײַנציגען ,
  בין מיט איהם בײַזאַמען . . .

געה איך צום געלענדעריל ,
  וואַרף אַ בליק אין טײַכעל —
רויטעלט זיך זײַן פנים׳על
  נענען מיר מיט שמײַכעל .

שלענגלען זיך די חוואַליעסלעך ,
  פון ווינטעלע געבלאָזען ;
קרייזלען איהם די פאָה׳לעך ,
  ווי אין פעלד די גראָזען .

---

*) תשליך

גראָבט ער זיך אין סידור׳ל ,
מישט די ווייסע בלעטער —
הויבט זיך מיר מיין בלוזקעלע
אינ׳ם לינדען וועטער .

גלייכט ער אוים זיין קעפּעלע ,
ווענדט מיר צו די בליקען —
פלאַטער איך , אַ גליקליכע ,
איהם צום האַרץ צו דריקען .

שענקט ער מיר אַ חנ׳דעלע ,
שיקט מיר שטיל אַריבער . . .
קעם איך גלאַט די העהרעלעך ,
ענטפער איהם וואָס ליעבער . . .

צינדען זיך די וואָלקענדליך ,
גליהען זיי אין פייער —
גריסט מען איינס דאָס אַנדערע ,
ווערט מען דאָפּעלט טרייער .

רופט מיך אָב די מאַמעניו ,
קוואַקען שטיל די פרעשליך ;
— ראש־השנה פאַרנאַכט ,
געהט מען צו די טעשליך . . .

גענף הערשעלע .



זיך אין זיי״; אַלץ איינס ווי אַ נגידות'ער קרעמער האָט אויף די פּאָליצעס אַי סאַמעט, אַי זייד, אַי פּראָסטע געוואַנט. — אַ שעהנעם פּנים האָבען מאַכען די קראָמען, וואָס בעשטעהען פון איין לייווענט מיט פּאַטשיילקעס?.. — אַזוי מוז אַ אידישע שטאָדט האָבען אַי נגידים, אַי קבצנים אַי בעלי־הבתים. און אַ יום־טוב פריה־מאָרגען אין בית־המדרש, אַז מען דערזעהט צווישען די צעהנדליגער היטלען און יאַרמולקעס דעם נגיד אין דעם קאַפּעליוש, ווערד מען עפּעס ברייטער אין דער דעה און ערנסטער, די לופּט ווערט אָנגעפּירט מיט אַכטונג, מיט אַ שטיק יראת־הכבוד און קלמן,—הגם ער איז גאָר ניט קיין „שמעקער״, — געהט אויף צו, חאַפּען אַ נאָגער טאַבאַק פון דער זילבערנער פּושקעלע... קלמן האַלט עס ביז „ואנחנו־כורעים, פיהלענדיג, אַז מיט דעם שמעק־טאַבאַק, האָט ער זיך בעהעפט נאָך מיט הונדערטער אידישע נשמות, מיט לעבענדיגע און טויטע און אויך מיט גע־ונר'ניקעס, וואָס זענען איצט ערגעץ פאַר טויזענדער מייל, — אין ווייטע לענדער, און זיי בענקען און לעכצען נאָך אָט דעם „שמעק־טאַבאַק״, נאָך ביעראָזאָווע, וואָס איז איינינ, אפילו אין איהר צוטיילונג; וואָס זעהט אויס אַנ'אַנדערש מאָל, ווי אַ גרויסער שותפות'דיגער עסק, אין וועלכען די שותפים, גופא, זענען ניט מקפיד, וואָס איינציגע פון זיי האָבען אויסגעבויט שעהנע, אויסגעפּוצטע הייזער, געגעבען טעכטער גרויסע נדן'ען און, בכלל, געפיהרט זיך, להבדיל, פּריץ'יש, מיט אייגענע פערד און שמייסערס און פערחאַפּט דעם אויבען אָן... אַ דאגה אַ גרויסע, — אייגענע שותפים, ווי „יששכר״ מיט „זבולון״ען — איינער פיהרט געשעפט, האַנדעלט, — דער אַנדערער — זיצט און לעהרענט תורה... איז דען ניט אַ חיות צו קוקען, ווי איצעלע דעם נגיד'ס שטעהט צווישען אַ חברה־מלמדים און מען האַמפּערט זיך וועגען אַ ווערטעל פון „ליקוטי־תורה״ אָדער וועגען אַ שטיקעל „תוספות־יום־טוב״?... עס טרעפט אַנ'אַנדערש מאָל, אַ מחלוקת'ל אויך... פון דעסטוועגען זאָל אַ פרעמדער וועמען עס איז אָנריהרען... אָ, אָ אָ!... עס איז ווי אַז אַ טאַטע מיט קינדער צוקריגען זיך... אָ, דאַכט זיך בראַנדפייער, — קומט אָבער אַ יום־טוב, ווערד ווידער שלום, אחדות...

דעריבער אַז קלמן וואָלט דערהערט אַזוינע רייד פון שרה וועגען אַ ביעראָזאָווען נגיד אפילו אין אַ געוועהנליכער צייט, וואָלט ער, מסתמא אויך ניט צוגעשוויגען, נאָר היינט. זענענדיג — ווי מען זאָגט — „אויף אַ לינקען זייט״, איז ער גאָר אַרויס פון די כלים... אָבגעשטופּט פון זיך די קאַראַקאָטקע, שטאַרקער פערגאַרטעלט זיך, ווי ער וואָלט זיך גרייטען צו אַ געשלעג.

— טאַ, טאַ, טאַ, זעה אָקאָרשט, „איצעלע דעם נגיד'ס קינדער״... אויף דעם אַנדערן לשון־הרע־נען און רכילות'ן זעגט איהר בריאת,—און די

קבצנות'ע קינדער זענען בעסער ?... דיין בן־יחיד'ל, דאכט זיך — נאר א נאָמ־בענשונג, א רב'ל אַ גאַנצער, און איך קאָן אייך שווערען. אז ער איז אזוי געווען אין בית־המדרש, ווי מיין לייזוע איז געווען אין בית־המדרש... אויף איין אופן... אויך, מסתמא, געווינט זיך ביי יעקב־אפרים'ען אין סאַד, צוריסען די געדערים מיט דעם הארץ און איצט פאלט ביי איהם אלץ פון די הענד... בעל־טרוד, — אנדערע בעשפייען און בעקיין, אויף דערויף איז פאראַנען צייט, — וואָלסט בעסער קוקען אויף די אייגענע, איידער קריכען צו דעם אַנדערן אין האַרלאַטשיק... גיב מעהר נישט אַ קוק אויף זיין פרצוף, ווי ער טרייסעלט זיך, חניקעט... פאלג מיך נעם אַראָב פון זיינעטוועגען די לבנה פון הימעל און גיב איהם אַ זופּ טאָן פויגעל־מילך, דעם אדון־הגדול... „איצעלע דעם נגיד'ס זון גערעדט מיט אַ שייגעץ", — מה־רעש ?... נגידות'ע קינדער, — סוחרים דאַרפען קאָנען גוי'יש ריידען... ווי דען ?.. עס מאַכט זיך אַנ'עסק מיט אַ דייטש, ציי כ'ווייס, צוליב אַ קהל'שען אינטערעס, מען דאַרף האָבען צו טון מיט אַ גובערנאַטאָר, אַנ'איפּראַוואָניק... אוי, שלעפער, שלעפער, באַלבען קאָנט איהר...

די גאַנצע צייט וואָס קלמן האָט גערעדט, האָט ער געטייטעלט מיט די פינגער אויף מענדעל'ען, וועלכער האָט פערטראַכטערהייט, געזופּט דאָס איער־מילך, וואָס שרה האָט איהם נעגעבען אַנשטאַט דעם אויסגעגאָסענעם שצאַוו...

— יאָ, ער ווייס פון אַלץ... געזעהן, געזעהן... וואו בעהאַלט מען זיך ?..— און מענדעל האָט, שיער, דעם צווייטען טעלער ניט צובראָכען, דער לעפעל איז איהם אַרויסגעפאַלען פון האַנד... נאָר קלמן האָט זיך נאָך אלץ ניט געקאָנט בערוהיגען, — עפּעס אַ ווילדער שגעון האָט איהם אָנגעכאַפּט: ער האָט זיך געמוזט היינט קריגען, האַמפּערן, שטעכען, ווי, למשל, אַנ' ערב־שבת פאַר מנחה, אז קיין חלות אויף קידוש איז נאָך דער מין ניטאָ און די „מרשעת", די „אַלטע מכשפה", טרייבט איהם פון שטוב, ער זאָל אַליין געהן צו עמע דער בעקערין, נעמען אויף באָרג... דער קלאַנג פון לעפעל האָט איהם נאָך אונטערגעהיצט, פענאַנדערגערייצט, פערגרעסערט זיין כעס:

— חכם פון דער הגדה, וואָס ביסטו ברוגז ?.. אפשר וועסטו זיך אויך גלייכען צו די נגידות'ע קינדער ?.. געבען דיר אַ מעדעלע אונטער'ן האַנד „פּאַשצירען" ?.. דלפן ! מאַך דיר קוראַזש, ניטאָ קיין חרפה ניט פאַר גאָט און ניט פאַר לייטען...—

קלמן'ס לעצטע ווערטער, — הגם ער האָט, אייגענטליך, דערמיט קיין שלעכטס ניט געמיינט, — האָבען מענדעל'ען אזוי דערנומען, — אז ער האָט אַבגעשליידערט פון זיך די אַבילה, און פענאַנדערגעוויינט זיך אויפ'ן קול...

אָבגעשוואַכט, אָנגעשראָקען, צוטומעלט פון דעם גאַנצען היינטיגען אָבענד, — האָט ער אָנגעהויבען צו קראַמפּפען און איז אַזוי געבליבען אין חלשות אויפ׳ן קאַנאַפּע, דער קאָפּ פערוואָרפען אין אַ זייט... פינסטער... אוים, אוים...

יעקב-פסח, בעמערקענדיג, אַז מענדעל איז טויט-בלייך, פערגליווערט, איז צוגעלאָפען צו איהם מיט דעם קרוג-וואַסער, וואָס איז געשטאַנען צוליב „מים-אחרונים“, — מינטערן, קוועטשען דעם נאָז... „מענדעלע, מענדעלע“!

קלמן האָט אויסגעגלאָצט די אויגען, — וואָס זענען שיער ניט אַרויס-געקראָכען פון די גרויסע ברעמען, — ניט פערשטעהענדיג, וואָס דאָ טוט זיך אָב... שרה, וואַשענדיג די אומריינע געפעס נעבען פריפעטשיק, האָט אָנגעהויבען היסטעריש צו שרייען — זאָל גאָט איינהיטען — ווי עמיצער וואָלט געלעגען אויף דער ערד:

— אַיי אַ פינסטערע עין-הרע האָט איהם אויפגעגעסען, אַיי ראַטעוועט, ראַטע-ע-ווע-עט... אַ-אַיי!..

זי האָט אַרויסגעכאַפּט פון צווישען ווייגער אַ רפואה-בוטעל מיט בראָנפען, וואָס איז דאָרטען געשטאַנען — הלוואַי זאָל מען גיט דאַרפען — צוליב צייהן-וועהטאָג. און איז צוגעלאָפען מיט קולות צום קאַנאַפּע „ראַטעווען“ מענדעלע׳ן, רייבען איהם דאָס האַרץ... יעקב-פסח איז געשטאַנען פון איין זייט, שרה פון דעם אַנדערן, און פייגעל אויך אַ צושראָקענע האָט פון איהם אַראָבגעצויגען צערטליך — מיט אַ שוועסטער׳דיגען רחמנות — דעם בגד, אויסגעטאָן די שיך און זאָקען... אין שטוב — אַ מהומה... זעלדקע די קלענערע טאָכטערקע, וואָס האָט די גאַנצע צייט געשלאָפען, איז אַוי אָבגעשפרונגען פון בעט און, הערענדיג דער מאַמעס קולות, האָט זי זיך געריבען אָן פייגלען, און רייסענדיג די האָר, אין איינעם מיט דעם נייען קעמעלע, פון איהר קעפּעל, האָט זי געשריען: — מענדעלע, מענדע-ע-לע! ברודערל, שטאַרב ניט! — מיט אַזוינע געוואַלדען—, אַז, אַפילו נאַסטיע מיקיטעס איז אויך אויפגעשטאַנען פון שלאָף און איז צוגעלאָפען אין איין העמד צו יעקב-פסח׳ס פענסטער, זעהן, וואָס טוט זיך דאָרטען.

מורזיק איז אויך געוואָרען וואַכענדיג פון אָט דעם טומעל, און, אָב-טרייסלענדיג פון זיינע געקרייזעלטע האָר, דעם זאַמד און שטויב, האָט ער זיך פענאַנדערגעבילט מיט אַ יאָמערדיגען ניגון, — האַרץ-רייסענד, ווי אין אַ חשון׳דיגער, נאָך-סוכות׳דיגער נאַכט, בשעת עס איז חושך, און דער רעגען קלאַפּט איבער זיינע בעל-הבתישע, האַלב-צובראָכענע, פערשטעקטע און פערקיטעוועטע פענסטערלעך, — אָדער ווי בשעת דער מלאך-המות איז אין ביערזאָווע.

דיִ גאַנצע נאַטור מיִט אַלע איהרע קינדערלעך, וואָס האָבען געשלאָפען אַזוי רוהיג, געשמאַק, טוליענדיג זיך אײנע צו דיִ אַנדערע, אויף דעם ברעג פון „אוליאַנקע״, האָבען זיך אויפגעכאַפּט פון שרה׳ס קולות און טרעהרען.

אַ שלעכטער חלום האָט צושטערט דעם זיסען, נעבען־טײַכעל׳דיגען שלאָף, און, אַ פּנים אויפ׳ן הימעל איז מען אויך געוואָרען עפּעס אונרוהיג... שוואַרצע וואָלקענדלעך, האָבען זיך געשלענגעלט און געדרעהט אַרום דער לבנה, וויִ זייִ וואָלטען וועלען אײנשלינגען איהר און דער ווינד וואָס האָט זיך געלאָזען גאַלאָפּ איבער דיִ פעלדער און טײַכעל איז געווען אַזוי שטעכענד און בייז, ממש, וויִ, בשעת אַ שריפה... עס וועט נאָך זײַן, מסתמא אַ גוס רעגען.

מענדעלע׳ן האָט מען אָבגעמינטערט... נאָר דער רושם איז געבליבען אַזוי שטאַרק, וויִ פריהער בשעת ער האָט גע׳חלש׳ט... געלויבט איז גאָט, געקומען צו זיך, אָבגעעפענט דיִ אויגען, נאָר שרה האָט נאָך אַלץ געשריִען:

— אויף דעם שוועל וועל איך איהם מעהר ניט אַרויפלאָזען דעם אַלטען רכילות׳ניק, דעם בלינדען מחבל... אַ בעלנות פון אַ תרח, מעהר קיין עסקים האָט ער ניט, וויִ צובינדען זיך צו דעם אינגעל... וואָס, ווען?.. אַלטע באַנדורע! זאָל ער געהן צו זײַן ווײַב׳ס פלימעניצע,—צו דעם ממזר, וואָס זיִ האָט געבוירען פון דעם אַקציזניק...

קלמן אָבער, האָט שרה׳ס זידלערײַען ניט געהערט.—און אפשר „גם זו לטובה״, סוף כל סוף וועלען זייִ דאָך ווערן גוטע פרײַנד —- וויִ נאָר עס האָט זיך אויפגעהויבען דער רעש, האָט ער ניט געמאַכט קיין שהיות און, — וויִ, בשעת אין דיִ יונגע יאָהרען, אַז מען פלעגט איהם חאַפּען אין חתן־שטיבעל מיט אַ נקבה, — אויף גיך אַרויסגעמאַכט זיך... ער האָט זיך אליין דערשראָקען, דערזעהענדיג, וואָס ער האָט אָנגע׳מלאכה׳ט...

אַז מען האָט זיך שוין אַביסעל בערוהיגט איז מענדעלע אַוועק שלאָפען. הײַנט — נעבעך אַ חולה—אין מתתיהו׳ס בעט... עס האָט איהם שטאַרק געוואָרפען אין קעלט, געקלאַפּט מיט דיִ צײַהן,—אַלע שבת׳דיגע און וואָכעדיגע מלבושים, ביז אַ זוים האָט מען אַרויפגעלעגט אויף איהם, כדי דערוואַרעמען זײַן גוף...

יעקב־פסח, שרה, פײַגעל, האָבען זיך צוזעצט אַרום איהם,—-זעלדעלע איז געלעגען נעבען איהם און געקושט איהם, געוואַרעמט זײַן פיבערנדע לײַב, — דאָס גאַנצע הײַזעל האָט זיך אײַנגעהילט אין אַ וואַרעמער, שטילער ליבע... אָהן ווערטער האָט זיִ געשוויעגט און געשטראַהלט אין אַלע ווינקעלעך און בעשפּינט אַלץ און אַלעמען מיט איהר חן...

דערזעהענדיג דאָס אומרוהיגקײַט פון אַלעמען, האָט מענדעלע צוגעמאַכט דיִ אויגען, אָנגעהויבען חראָפּען, כלומר׳שט וויִ ער וואָלט שלאָפען... אַלע זענען

געוואָרען שטיל, — אויף די שפּיץ-פינגער איז מען זיך צוגאַנגען אין די בעטען...

אַ בהלה איז אויף איהם אָנגעפאַלען... ווי וואָלט געווען, אַז זיי וואָלטען וויסען דעם אמת פון זיין חלש'ן?.. די קאָלדרע האָט ער אַרויף געקאַשערט איבער זיין קאָפּ און די שטראַהלען פון די אויגען, וואָס האָבען אין דער פינסטערניש ניט געלויכטען, נאָר מיט אַ גלאַנץ געשטאָכען, — האָבען איהם נאָך מעהרער געשראָקען... לעבען, — זינדיגען... שווער... און ניט טראַכטענדיג גאָר וועגען דעם, איז איהם פּלוצלום אַרויף אויפ'ן זינען די מעשה מיט בן-זומא'ן, וואָס איז געווען מיט זיינע דריי חברים, אויף דעם הימעל, — צופיל געקוקט און איז איבער דעם געשטאָרבען:

— פאַר אַ קוק — שטאַרבען... וואָס וואָלט האַרען דעם אויבער-שטען, אַז אַלע מענשען זאָלען געניסען פון עץ-החיים, און מען זאָל גאָר אויפ-הערן שטאַרבען?.. פאַר וואָס עפענט ניט גאָט אַלע הימלען, אַלע זיבען הימלען און זאָלען אַלע זעהן, יואָס דאָרטען טוט זיך?.. איינמאָל נאָר בעוויזען דעם גיהנם, — און מענשען, וואָלטען שוין מעהר ניט געזינדיגט, — וואָלטען געוואָרען אמת'ע צדיקים... בן-ציון דער שוחט זאָגט, אַז אַלץ האָט דער בורא בעשאַפען, כדי מען זאָל זיך וואונדערן, אָבער ניט פער-שטעהן; דאָס וואָס איז העכער פון דעם מענשליכען שכל, — קאָן מען מיט דעם מענשליכען שכל, ניט משיג זיין, אַלץ איינס למשל, ווי די לייווע פערשטעהט ניט צוליב וואָס מען פיהרט זי מעבר לים, אַזש גאָר אין יאַקאָב-שטאַט, אין ריגא...

אחר — געזעהן די „מרכבה", דעם רבונו-של-עולם מיט אַלע מלאכים, און פון דעסטוועגען אַרויס „לתרבות רעה", פלעגט געהן צו רום'ישע מטרניות — צו גויה'ס... אַגאַפּיע... קלמן... דער אַקציזניק... ער חלש'ט... ער אַנטלויפט פון ביערזאָזייע און אַנ'עדה אידען אין טליתים יאָגען איהם נאָך...

פאַמעלעך, פאַמעלעך, דרעמעלט ער איין. ער פערליהרט דעם סוף און דעם אָנהויב פון זיינע געדאַנקען... פערשידענע בילדער טוישען זיך יעדער רגע... ער שוועבט אין דער לופט — אויף דעם ברעג פון אוליאַנקע... ווער שרייט עס דאָרטען?.. ס'ער אַ ווייסקייט דער הימעל איז... מען שמייסט די לבנה...

נאָר דאָס זיבצען-יאָהריגע עלטער גיט זיך ניט אונטער, און מענדעל איז אַנטשלאָפען געוואָרען מיט אַ יונגען געזונדטען שלאָף, פערוויגט אונטער דעם ניגון פון אַנ'אינעווייניג-זינגענדען: „אַליו-לוויו-ליו"...

---

# X.

ביעראזאווע, וואס איז, כמעט, א גאנץ זומער ארומגענאנגען „פוסט און פאס“ איבער די גאסען, די הענד אין די קעשענעס, מיט גאנצע פעק „גרײַכע חערטלעך“ און נײַעסען פון אלע מלוכות, — איז פלוצלום עפעס געווארען פערהאַוועט און שטארק פערנומען... מיט א פנים פון „ניטא קײן צײַט“ פלעגט מען זיך אבשטעלען אויף עטליכע מינוטען נעבען יוסף דער באבע׳ קונעס — א געראטענער יונגער־מאן. וואס לײענט א בלאט און האלט אנ׳אפטײק־קראם — און, לגמרי אהן ויכוחים, אײַנשלינגען אין זיך, — ווי א וואכענדיגע מנחה, — עטליכע „אײַנפאַלען, וואס פערלויפען אין דער וועלט“ און תיכף, אהן מחזקות, אריבערגעהן צום „יעווריעסקי וואפראס“... דערהערענדיג אז דא געהט אלץ כשורה, געלויבט איז גאט נאך מיט חסד, — קײן נײַע גזרות ניטא, פלעגט מען צוגעהן בערוהיגטע אהײם... קאן מען זאגען, עס קומט אן ניט גאר גרינג: — דער יצר־הרע, רעדט שטארק אײַן, בלײַבען נאך א ווײַלע, נאר... די ביעראזאווער ווײַבער, זענען א פנים געזינדטער פאר דעם ביעראזאווען יצר־הרע, דען, אז זײ גיבען ווימען עס איז א ציה אוים פאר׳ן ארבעל: „אהײם!.. איך האב קײן כח ניט אלײן צו הארעווען“... מאכט יענער ניט קײן שטיק, און ענטפערענדיג: „איך געה דאך, וואס דארפסטו שרײַען“?.. לאזט ער זיך גלײַך אוועק אהײם. — אמת, בײַסענדיג די נעגעל און קראצענדיג די בארד פון עגמת־נפש...

אינעווײניג איז — הלואי ווײַטער — כמעט אײן קהל׳שע דאגה ניטא. מאיר דעם שליח־פורעניות׳עס נײַעס וועגען דעם פאראחאד איז גאר א שקר וכזב, — א נעבטיגער טאג, — אויסגעטראכט פון אנהויב ביז׳ן סוף; די בלאטעס נעבען די יאטקעס, — האט דער סטאנאװאי געזאגט — וועט מען געוויס ברוקירען, און נאך א שטיקעל פלאץ פאר דעם בית־עולם. פערקויפט דער פריץ; הגם ער בעט א הוספה, דאך וועט מען ווי עס איז דורכקומען...

די סעדער, וואס זענען א גאנץ זומער אבגעזעסען אין די געדונגענע סאדען און מעהרער פערנומען זיך מיט חזנות אײדער מיט היטען די עפעל פון גנבים, — האבען זיך שוין ביסלעך־ווײַז אנגעהויבען ארײַנקלויבען זיך מיט זײער סחורה אין ביעראזאווע... מען לאטעט די קעלערן פאר דער „ווינטערדיגער סחורה“ און פאר די „ווײַנענדיגע פרימא“... די פלעקסער, וואס האבען זיך שוין אין גאנצען אבגעוועהגט פון ארבײַט און פוילען זיך פון אײן פריה־מארגען ביז דעם צווײַטען, אראבלאזען דאס ארבעל פון „שליד“, — בעווײַזען זיך איצט גאר ניט אויף דעם מארק, ווי „וועלט־ענינים“ חאלט זײ אין דער לינקער פאה ניט געלעגען...

די שיינקארעס לויפען ארום איבער די קראמען און די קרעמער איבער די שיינקען, — מאכען א הלואה'לע, לייען אויף עטליכע טעג א פאר קערבלעך... צו שמעון קליין מענשעלע — א וואכערניק אין ביעראזאווע, — טראגט מען פון אלע זייטען פסח'דיגע סאמאווארען, ניקעלנע לייכטער, התן זייגערם, און אלערליי דרשה־געשאנק... די בעל־בתישע אידען פון די „געפאלענע משפחות" — דורכ'ן יאהריגע לעדיג־גייעהער, וואס זיצען פון ל"ג בעומר ביז עשרת ימי־תשובה — א הויז די רעגענדיגע טעג — אפילו אין מיטען העלען־טאג, שררה'דיג אבגעלעגט אויף די בענקלעך, — ווי מלמדים סוף הזמן אויף דעם גאניק פון בית־המדרש — אין ברייטע ריפסענע היטלען אריבער די אויגען, און אין לאנגע זשופעצעס, — אט די פיינע בעל־הבתים, שטעהען איצט אין יארמולקעס מיט צוקנייטשטע שטערנס, נעבען די הייזער און וואשען בוטלען, רייבען חריין, אדער שאבען טאראנעס מיט א טארטקע. נייע בעל־פרנסות!... און טאקי אלץ ניט צו דערקאנען. ביעראזאווע האט אויף זיך ארויפגעצויגען א נייע הויט: — לעבענדיגער, ענערגישער, אינגער!..

אין ביעראזאווע גרייט מען זיך צו דעם גוי'ישען יום־טוב „פיאטניצע", בשעת אלע מאל — נאך האלבען טאג איז אויך א יריד... און נאך וואס פאר א יריד?.. „פיאטניצע" געהט אריין אין דעם חשבון גאר פון די גרויסע יריד'ן, פון ווערכע, כמעט, א שליש ביעראזאווע, ציהט חיונה עטליכע חדשים; וואס פאר א וועטער עס זאל ניט זיין — הייס צי קאלט, — טרוקען צי נאס — פאהרען זיך צונויף פון דעם גאנצען געגענד פויערים מיט פויערטעס מיט זייערע קינדער, מתפלל זיין אין דעם ביעראזאווען קלויסטער און זיך טובל זיין ביז די קנעכלעך אין דעם אוליאנקע, בשעת דער גלח שטעהט אויף א בריקעלע פון דריי ברעטלעך, — וואס מען מאכט צוליב איהם — און בעשפריצט מיט דעם הייליגען אוליאנקע־וואסער די „איקאנעס"...

אויף דער אוליאנקע — ווי גוים זאגען — האט מיט עטליכע הונדערט יאהר צוריק, — אויך זומער, — עפעס א יונגער שייגעץ אין א ווייסען שעפסען־פעלץ, בעוויזען גרויסע וואונדער און דעריבער איז עס נאך עד־היום ביי זיי הייליג... און צוליב זיין געדעכעניש אבגעשטעלט דעם יום־טוב פיאטניצע... אויך איבער דעם פלעגען די ביעראזאווער גוים ברענגען פון כעס, ווי פייער, דעם ערשטען טאג ראש־השנה פאר נאכט, — נאך מנחה — בשעת גאנץ ביעראזאווע — פון קליין ביז גרויס מיט די ווייבער און קינדער, שטעהט מיט די מחזורים, קרבן־מנחה'ס און „פיצינקע סידורים'לעך", אויף דעם ברעג פון אוליאנקע און ווארפען אהין אלע זייערע חטאים פון א גאנץ יאהר, טרייסלען די ציצית, טונקען די הענד אין וואסער און דערמאהנענדיג זיך, אז אט דא אויף דעם זעלביגען ארט האט אבגעריכט

„תשליך" דער „טשערנאָבעלער" פאָהרענדיג איבער ליטע און רייסען, — ווערן די הערצער פול מיט גרוים בטחון און קוקענדיג ווי די פישעלעך שווימען זיך אום זאָרג־לאָז, — כמעט, אויפ'ן ברעג, — אַרום די גראָזען, וואָס זענען פול מיט וואַסער, הייבט אויף דער ביעראָזאָויער איד די אויגען צום הימעל און עפּעס מיט אַ ברייטקייט זאָגט ער צו גאָט: „רחמנו כרחם אָב על בנים" — האָב אויף אונז רחמנות ווי אַ טאַטע אויף די קינדער — זענען מיר דען ניט דיינע קינדער, ווי די פישעלעך?... און, בשעת ביע־ראָזאָויע טענה'ט זיך אוים מיט דעם טאַטען אין הימעל, שטעהט האַנקע דעם דיאַקס בעהאַלטען צווישען די מצבות פון דעם גוי'ישען בית־עולם און שעלט די אידען מיט ביטערע קללות, דערפאַר וואָס זיי זענען מטמא איהר הייליגע אוריאַנקע...

פאַרצייטען—ווי מען דערצעהלט און ווי אין חברה'שען פנקס שטעהט בעשריבען, — פלעגט „פּיאַטניצע" טאַקי זיין סכנת־נפשות און ניט ווייניג אידישע קדושים, זענען אין אָט דעם טאָג אומגעקומען אין ביעראָזאָויע. איצט אָבער האָט מען זיך ג׳יינע צו די אַנדערע אַביסעל צוגעוועהנט און „פּיאַט־ניצע" איז אויך געוואָרען, כמעט, אַ אידישער יום־טוב.—גאָך מיט אַ וואָך פריהער, פערלאָזען די מלמדים די חדרים—ווי חנוכה להבדיל, — און די תלמוד־תורה אינגלעך גרייטען זיך אין אָט דעם יריד־טאָג, צו האַנדלען מיט חזיר־האָר, פעלבלעך און טהוירען... פון אַנדערע אידישע שטעדט און שטעדטלעך פאָהרען אָן אידען מיט בלעכערנע כלים, מיט פאַרטיגע שוך־וואַרג, גוי'ישע קליידער און כיערפען. אַנדערע קומען אויפקויפען ביי דעם גלח דאָס לייווענט, וואָס די פּויערים זענען מנדב פאַר דעם קלויסטער... אויף פּיאַט־ניצע קומען אויך די חתנים מיט זייערע טאַטעס אויפמאָהנען דאָס „צוגעזאָג־טע" אָבשטעלען אלול'דיגע חתונות, אָדער פאָדערן מתנות...

איבערהויפט רעש'ט אין די טעג ביי אָשר דעם טאַנדעטניק: — אַלע אָרעמע מעדלעך — וואָס וואַקסען פון יחום און דעריבער קאָנען זיי ניט געהן דינען אין אַ שטוב — מיט אַלע נייה־מאַשינען, וואָס האָבען זיך וואו עס איז פערוואַלגערט אין ביעראָזאָויע — סיי פון דעם אַלטען פּאַבען, און סיי די נייע — „זינגער'ס" — געפינען זיך איצט ביי אָשר'ן אין שטוב, וואו מען „שטשאָבעט" רויטע קאָפּטקעס אין בלויע קוויטען און מיט רויטע פיינעלעך, — „פּירושאַקען" פון גרויסען קעסטעלדיגען געוואַנט, פאַר די פּויערים מיט די פּויערטעס, וואָס וועלען קומען אויף דעם יריד... עטליכע וואָכען, כסדר, אַרבייט מען ביי אָשר'ן דורך טאָג און דורך נאַכט... אָשר אַליין געהט ניט, אפילו צו מעריב, אין בית־המדרש... די בריק־לאָמפּען וואָס ברענען ביי איהם אין שטוב — געליהען אין בית־המדרש — בעלויכטען דעם גאַנצען ביעראָזאָויען מאַרק... „חברה־פּאַטש" — שמייסער, שוסטער־

יונגען, קלויבען זיך צונויף אַרום די פענסטער און העלפען די מעדלעך
אונטערזינגען ... זייער גוט־ברודער — בענטשקע דעם קוימען־רײַבערס
אָדער בענטשקע דער קאָלבאַסניק — אַ געגאָלטער שנײַדער־יונג מיט דעם
היטעלע אויף אַ זײַט און לאָקען שוואַרצע האָר ביז די אויגען — „אַ סיב-
ניק" מיט שוואַרצע אויגלעך, אַ טענצער און אַ „פּאָזשאַרניק", — איז איצט
די אַנדער האַנד, דער „שני־למלך" פון אָשר'ן אַליין... אינאיינעם מיט די
מעדלעך, וואָס געהען אוים נאָך איהם, זינגט ער:

„פרײַטאָג פאַר טאָג
אוי אַ קלאָג
די חלה איז צוגעברע־ע־ענט־ט־..."

מען אַרבײַט שנעל, מען ליאַסקעט מיט די מאַשינען, הו־האַ, עס
ברענט אין די הענד, און די יונגען, בריאַזגענדיג מיט אַ פּאַפּירענעם פּלאַ-
צער, ענטפערן מיט אַ „לאל־עורך־דין" ניגון:

„גיט מען טאַקי איבער די ביינע־ע־ר־ר־ר".

און פון ביידע צדדים ווערד אַ געלעכטער—חאַ־האַ־חאַ... פרעהליך,
לוסטיג, יום־טוב'דיג, בעניײַעט, ווי אין ביעראָזאָווע וואָלט עפּעס געווען אַנ'-
ערב־חופּה און ניט — אַ געוועהנליכער, — אמת אַ גרויסער — ערב-
יריד...

יעדערער גרייט זיך אויף דעם יריד אויף וויפיל ער איז ביכולת,
גאָר, בכלל, טוט זיך אַלץ מיט אַ פולער האַנד. די רײַכע שיינקאַרעס —
וואָס פיהרען זייער ספר־היחוס פון די אַמאָליגע ברויזערס — קויפען אָן
גאַנצע עמער בראַנפען מיט ביר, קאָכען אָן גאַנצע קאַסטענס טאַראַנען מיט
הערינג, און די „אָרעמע געזעמעלעך" נעמען ביי זיי אויף אוים־צאָהל, ראַ-
טעס־ווײַז ביז נאָכ'ן יריד... אין די „פיאַטניצע"־טעג, פלעגט אַלעמען אָנ-
חאַפּען אַ שיינק־חשק, — עס רופט, עס ציהט... אַפילו סענדער דער גע'-
מעביר'טער שוחט — אַ איד אין יאָהרען, פלעגט אויך אָנגרײַטען עטליכע
בוטלען בראָנפען, טאָמער, סאַלע וואָס עס מאַכט זיך, אַ טשיקאַווע, עס
שפּרינגט אַרײַן אַ גוי אָדער אַ גויה און בינו־לבינו, האָבען „אַ שטיקעל ריוח"
— אויף עטליכע פעקלעך שמעק־טאַבאַק, — דאָס פושקעלע שוין אויך צײַט
איבערצובײַטען...

די מעדלעך פלעגען מיט אומגעדולד וואַרטען אויף אָט דעם יום־טוב,
בשעת זיי וועלען אין טומעל און טעחער, בגניבה, קאָנען פערקוועטשען
עטליכע גילדענס, און נאָך דעם אויף יום־טוב קויפען אַ שפּילקע, אַ בראָש,
אָדער אַ נײַע סטענגע צו דעם ווינטערדיגען היטעלע, — דער טאַטע גיט
אויף אַ זשאַקעט, אויף טיעפע קאַלאָשען, ער פיהלט דאָס קעלט פון גוף,
אָבער ניט פון דער נשמה און ער פערשטעהט ניט, אַז אָהן אַ סטענגע קאָן

זײַן נאָך מעהרער קאַלט אײדער אָהן אַמולעטענ׳עם ל׳ײַבעל און דעריבער מוז מען אַלײן ראנגה׳נען... אַ דאַנק פּיאַטניצע!

די בחורים וואָס אַרבײַטען אין די ציגעלניעס אָדער אין די מיהלען, קומען אַהײם אויף „פּיאַטניצע", אַלץ אײנס ווי זײ קומען אויף תשעה־באב, אָדער אויף שבת־נחמו... זײ טוען זיך אָן האַלב יום־טוב׳דיג; די „יון׳ישע מאַמעס" — ברוך־השם — וואַרטען מיט פערוויינטע אויגען אויף די גוי׳ישע סאָלדאַטען וואָס קומען צו גאַסט, אָבנעהמען בײַ זײ אַ געריס פון די קינדער און, כ׳ווײַס, אַפילו אַ קאַץ קאָן אויך קאַליע מאַכען, — גרייט מען אָן פאַר זײ אַ שטיקעל מתנה, בפרט אַ גוי — עשו מעג דאָך אַלץ, — מסתמא — „אַנ׳עלטערער", — אַ „נאַטשאַלניק"...

מיט אײן וואָרט אין דעם ביעראָזאָווען לעבען איז „פּיאַטניצע" געווען אַ גאַנצע עפּאָכע און מיט וואָס יעדערער האָט געקאָנט, — איטליכער נאָך זײַן פערמעגען, — האָט זיך מכין געווען צו איהר...

הײַנט — דאָנערשטאַג — דער לעצטער טאָג פון ערב־יריד, האָט זיך ביעראָזאָווע אין גאַנצען פערגראָבען אין די הײַזלעך... פריה־מאָרגען האָט מען געדאַווענט פאַר זיך — אָהן אַ מנין — ניט אַלע טאָג איז אַ פּיאַטניצע: גאָט וועט מוחל זײַן, — און פאַר נאַכט האָט מען גאָר צוגעשלאָסען דעם בית־המדרש...

אַפילו די זקנים, וואָס געהען ניט אַרויס אויפ׳ן גאַס פון שבת ביז שבת, — האָבען אויך אָנגעגורט די לענדען און געהאָלפען די שניר און טעכטער, צושטעלען, צולעגען די שבײַז און משקאות אויף די פּאָליצעס, מיט די אַלטע בײַנער געקראָכען אין די לעכער, — בעהאַלטען דעם טאַבאַק און בראָנפען — טאָמער געהט אָן יאַחים דער סאָטסקי אָדער דער אוריאַדניק... דער שונא שלאָפט ניט און מען האָט טאַקי מורא; — פענאַנדערלעגענדיג די פיש און טאַראַנעס אין די טעלער און פּולמעס׳קעס, זאָגען ביעראָזאָווער ווײַבער מיט אַ זיפץ:

— דער הימעלדיגער ווײס עס זאָל נאָר אַראָבגעהן גלאַט... עס זאָל אין מיטען דעריבען ניט אַרויסשפּרינגען אַ „רעוויזאָר", אַ שד, אַ מחבל... דעם עבר׳דיגען יאָהר, — ניט איצטער געדאַכט — האָט מען געמאַכט אודאי פינף אַקטען — אָהן אַ גוזמא... דוד דער בעל־חלום — זאָל ער זײַן אַ גוטער בעטער — איז אפשר געשטאָרבען פון די עסקים, פון די לויפעני׳שען צום מיראָוואָי און פון מיראָוואָי... דער „שוואַרצינקער" — האָט איהם שיער ניט גע׳סמית׳ט אויפ׳ן אָרט.

נאָר די מאַנסביל ווערן אין כעס און הויבען אָן צו שרײַען:

— ווײַבערשע צינגרעך... גזלן׳טעם — מען באָלבעט וואָס מען

דאַרף און וואָס מען דאַרף ניט... ניט קיין געדונגענע צונג, — רק מען לעגט אוים צו שלעכטס... טהו דיין מלאכה און שווייג.

און די ווייבער ווערן שטיל, בעהאַלטענדיג די אימה פאַר די „שדים" און „מחבלים", טיעף אין האַרצען, ניט אַרויסרעדענדיג עס מיט'ן מויל, — טאַקי דער שטן קאָן נאָך אונטערהערען און—חס־ושלום—מקיים זיין...

דער מאַרק האָט פון נאָך־האַלבען טאָג אָן בעקומען גאָר אַ נייע־פּנים: אָנגעפּאָהרענדע פערד־הענדלער מיט ציגיינער האָבען איהם אַריינגעחאַפּט אין זייערע הענד, און אַנשטאָט שמועסען הערט מען מעהר נישט: „ניאָ" און „האַ"...

פאַר נאַכט... די זון האַלט שוין ביין אונטערגעהן, — זי איז שוין אַוועקגעגאַנגען פון דעם בית־המדרש־דאַך, און פון דעם ווייטען האָריזאָנט שפּילט זי זיך מיט דעם בלוי־סאַמעטענעם קופּאָל פון דעם פּוילישען קלויס־טער און איהרע שטראַהלען קושען זיך, פאַר'ן זעגענען, מיט דעם קאַלטען אייזערנעם צלם, וואָס ריהרט זיך, אפילו פון אָרט ניט... די אָנגעפּאָהרענע „אורחים", די־הענדלער, זיצען אין די אכסניות, אָהן רעקלעך; זיי טרינקען טהיי, בייסען צו עטוואָס און בעטען דעם, וואָס ווייס „ווי שווער עס קומט אָן חיונה", אַז חאָטש ביז אַ זייגער פינף זאָל ער מאָרגען איינהאַלטען די אוצרות פון רעגען... נעבען גוי'ישען טראַקטיר שטעהען אויף די קניען, גוי'ישע אָרעמע לייט, — בלינדע, הינקעדיגע און בעטען נדבות פון יעדער פערביי־געהער... מיט אַן'אומעטיג האַרץ־רייסענדען דינגען קול, זינגען זיי זייערע בענקענדע ניגונים, אין וועלכע עס הערט זיך דאָס שמערץ פון הונגער, קעלט, האָגעל און חיות־רעות, — דאָס שמערץ, וואָס לאָזט ניט רוהען דעם אָרעמען וואַנדערער און טרייבט איהם פון שטאָדט צו שטאָדט, פון דאָרף צו דאָרף, פון שטוב צו שטוב... אויף דעם דעמערענדען מאַרק, צווישען די שוואַרצע שאָטענס, — הילכט דאָס רחמנות־קול, וואָס רופט צו גאָט און צו מענשען... עס בעט, וויינט, שרייט, עס דאַכט זיך, אַז זיינע טענער שלענגלען זיך אין די שאָטענס, נאָר ביסלעך־ווייז ווערן די אָרעמע לייט שטיל און געהען אַוועק איבערנעכטיגען צו זייערע בעקאַנטע אידען...

די זון האָט שוין אויפגעהערט צו בעשיינען דעם פּוילישען קלויסטער אויך. געהענדיג אויף הינטער, האָט זי זיך עטליכע מאָל בעגריסט מיט ביעראָזאָווע און איז אַוועקגעגאַנגען שלאָפען אונטער דעם קלאָהר־ווייסען הימעל, צוזאָגענדיג, אַז מאָרגען וועט זיין, אויף אַן'אמת, אַ שעהנער טאָג, — וועגען רעגען איז גאָר ניטאָ וואָס צו רעדען... פון אַ ציגיינערשען וואָגען האָט זיך דערהערט אַן'איינטעניגער ניגון, — ווי אַ דאַנק דער זון פאַר איהר הבטחה, — און דער ביעראָזאָווער מאַרק האָט זיך איינגעהילט

זוי אין אַ'שבת'דיגע מנוחה און אינאיינעם מיט דעם וואַרעמען ווינדמעל, נעקליבען נחת פון גאָט און זיינע משרתים...

רוהיג, אָבער, איז מעהר ניִשט דרויסען, — אינעווייניג, — אין די הייזלעך, קלעהרט גאָר קיינער ניט וועגען שלאָף, וועגען רוה... עס איז היים —פון די אָנגעהייצטע אויוועַנס—ווי אין אַ באָד... עס פאַלען מעוברת'דיגע חייבער אין חלשות, — ווער קוקט אָבער אויף דעם?.. ציִ איצט איז אַ צייט צו טראַכטען וועגען געזונד? — נישקשה, דער טאַטע אין הימעל איז אַ גוטער דאָקטאָר, — און ער האָט ליב אַרבייט... אַרבייט, אַרבייט, אידען, מאָרגען וועלען פון אייך טויזענדער מענשען הנאה האָבען!..

אין ביערָאָזאָווע האָרעוועט מען איצט, אָבער עס איז ניט אומעטיג... פון די הייזער, וואו עס איז דאָ יונגוואַרג, הערען זיך פערשידענע לידער, — אַרט־מאָדישע, ניי־מאָדישע און טאַטעס מיט קינדער זינגען צופרידען „אַ המתים יהללו יה־ה" — ניט די טויטע וועלען לויבען גאָט — און אין מיטען זינגען, עפענט זיך אָב אַ טיר מיט „אַ גוט־נ'אָבענד"... — איין בעל־הבית לויפט צו דעם אַנדערן לייען אַ האַק, אַ מעסער, אַ ריב אייזען, אָדער ביז שפּעטער אַנ'עמערל וואַסער...

אויף יעדער טראָט פיהלט זיך אַנ'אמת'ע, ריין־אידישע אחדות!..

גאַנץ אַנדערש איז אָבער איצט ביי יעקב־פסח דעם „כזית", נעבען טייכעל... דאָרטען שלאָפט מען אויך ניט, מען גרייט זיך אויך צום יריד, אָבער איינזאַם, אָבגעריסען און פערוואָרפען, — עס פעהלט דער ברען, די ברייטקייט... שטיל אָהן ווערטער שפּאַלט יעקב־פסח האָלץ, ווי ער וואָלט זיך גרייטען סמאַליען אַ כפרה, און הייצט אונטער דעם אויווען מיט אַזאַ מינע, ווי ער כשר'ט די אַלטע צובויגענע צינענע רעפעל ערב־פסח... מיט דערזועלביגער מינע, אָהן התפעלות, דרעהען זיך אַרום אויווען שרה מיט פּייגלען... מען דאַרף ניט זיין קיין נביא, כדי צו טרעפען, אַז קיין גרויס'ע גליקען בעשטעהען דאָ ניט, דאָס איז ניט אין שטאָדט אויף דעם דעם מיטען מאַרק.. נעבען דעם אוליאַנקע... מ'שטיינס געזאָגט, ניט מעהר זאָל זיין רשעים אין גיהנם, וויפיל עסער און טרינקער דאָ וועלען זיין... אויב ניט די עטליכע פויערים, וואָס שטעלען זיך אָב על־פי בע־קאָנטשאַפט ביי מיקיטען, איז עלול, אַז עס וואָלט, אפילו אַ ברעקעל פדיון ניט געווען... אַ מסחר!..

שרה שרייט שוין לאַנג, אַז עס לוינט בעסער אין גאַנצען מבטל זיין פּיאַטניצע... נימאָ אַמאָליגע יאָהרען און צוליב עטליכע פרוטות, שטעלען דעם נפש אין סכנה און פאַר אַ גלעזעל בראָנפען אָדער פאַר אַצעהנדליג פּאַפּיראָסען, האָבען אויסגעריסענע יאָהרען, און נאָך אַריינפאַלען אין תפיסה איז געווים ניט כדאי... נאָר יעקב־פסח וויל ניט הערען און זעהן: — בטבע

איז איהם שווער צו שיידען זיך מיט אזא אלטען מנהג, ווי שיינקעווען אום „פיאטניצע", — אז מען זאל מוזען, אפילו, צולעגען פון דער איינענער קעשענע, שוין ניט געשמועסט וועגען פרנסה... און קיין חידוש איז עס ניט: פון געבוירען אן האט ער זיך אויפגעהאדעוועט אויף אט דעם אלטען מנהג, און אויב ער וואלט ניט אומלויפען ווי א שעפס צוטרייטעלט ערב „פיאטניצע", ניט זיין מבולבל, מעשה אמת'ר שיינקער, אום פיאטניצע גופא, וואלט איהם, אפשר, א גאנץ יאהר דאס לעבען ניט איינגעגאנגען, פשוט, די וועלט ניט ניחא, ווי ער וואלט א שטיינגער, געבליבען ימים-נוראים אהן מוספים... עס קאן זיין, אז מיט'ן שכל פערשטעהט עס יעקב-פסח ניט, ער פיהלט עס אבער בחוש, — אינסטינקטיוו, און דעריבער גרייט מען זיך ביי איהם אויך צום יריד, הגם אויפן ארעמען אויפן... מען קאכט ניט פיל, — לפי-ערך, באקט מען אן זעהר ווינציג חלות, — פון דעסטוועגען פיהלט זיך אין אלע ווינקעלעך דעם יום-טוב „פיאטניצע", — דעם יום-טוב וועגען וועלכען ביעראזאווע, טרוימט אזוי פיל פון נאך-שבועות אן... „אנ'ארעמער מחותן, אבער דאך א מחותן"!..

מענדעל העלפט אויך דער מאמען און פייגלען אין פערשידענע מלאכות, — ער טראגט צו רויהע חלות צו דער לאפעטע, דרעהט קרוטקעס, מאכט זעלדעלען פון טייג מייזעלעך, און נעהמט ארויס פון קארב בוטלען ביר און סידאפ... גרינגע מלאכות, — נאך אשטיקעל חולה: די הענד און דאס פנים זענען געל, ווי פארמעט... שווער איהם דאס אויך צו טאן, נאר עס ווילט זיך ניט אונטערגעבען... שרה בעט זיך ביי איהם: — זוהן מיינער, מען וועט אוים קומען אהן דיר... שפאר זיך צו אביסעל... טונק איין א צוקער-לעקעך אין מילך אדער פערזוך א ווייסענדיגען עפעל, — בכיון צוליב דיר גענומען ביי אסנע דער רויטער — וועסט זיך מחיה זיין — נאר מענדעל ציהענדיג מיט א פרענט פון אזאנטיק די פראפקעס פון די בוטלען ענטפערט איהר: — וואס רעדסטו מיר איין... הלואי וויטער, איך פיהל מיך אויסגעצייכענט... —

און שרה בערוהיגט זיך... דאס גאנצע משפחה'צקע נעבען זיך, — אלע געזונד, א דאנק דיר רבונו-של-עולם! דער „רופא-חולים" האט זיך דערבארעמט — נאך דעם, אז מענדעל איז געבליבען אין חלשות איבער קלמן דעם בדחן, איז ער אבגעלעגען עטליכע וואכען צו בעט. מען האט זיך געשראקען, אז עס וועט זיין א געלעגער... עטליכע מאל, איז דער גוי'ישער רופא ארייננעגאנגען, און ביעראזאווע האט אויף א ווילע אראבגעראזען דעם נאז, — די אינגלעך ניט געלאזען באדען זיך, די מעדליך, — אהן א פאטשיילקע אויפ'ן קאפ, — מורא-האבענדיג, אז אויף ביעראזאווע נעהם עפעס אגרויסע חולאת. נאר דער ביעראזאווער גאט איז ניט קיין בעזער,

ער האט זיך ליב אנ'אנדערש מאל א שפיל טאן מיט דעם וועלטעל, בעשיטען איהם מיט שנעען, בעניסען איהם מיט מכול'ם און נאך אזוינע זאכען, — עס געדרויערט אבער ניט פיל, און ער ווייזט ווידער ארויס זיין גוטסקייט און ווי א גוטער זיידע שענקט ער ווידער די עניקלעך, ליכט, זון און ווארעמקייט, — גלעט זיי איבער די קעפלעך, זעגענדיג צופרידען מיט זיינע יורשים, — און, אפילו די שארסטקע קינדער, וואס זענען שטענדיג מלא צו איהם מיט טענות און תביעות, געהען אויך אב דערנסטמאל פון כעס און ווערן בעסער, צערטליכער.

און דער אויבערשטער האט מענדעלע'ן ווידער אנידערגעשטעלט אויף די פיס, און דעם אמת מוז מען זאגען, אז די קרענק איז גאר ניט געווען אזא שווערע... נאר וואס געווען איז שוין אריבער — און, אפשר איז דאס אויך צו גוטען, — אויף אגאפיען האט ער זיך פאר דער צייט, כמעט, ווי פערגעסען און דערמאהנענדיג זיך אויף „יענער נאכט“, פערשעמט ער זיך און איז צופרידען פון דעם, וואס ער איז נצול געווארען פון דער „שיקסע“, וואס האט איהם אגאנץ זומער ניט געלאזען רוהען... גאט ווייס וואס ער טוט...

איצט דרעהט ער די קרוטקעס, עסק'ט זיך פלייסיג מיט די בוטלען און וארפט זיך דורך מיט א תורה־ווערטעל, מיט א מעשה וועגען ר' ישראל בעל־שם־טוב — און הערט זיך צו, צו דעם, וואס עס ענטפערט דער טאטע, וואס שטעהט נעבען אויווען און קלויבט נחת פון די האלץ, וואס ברענען אזוי אויסגעצייכענט מיט א העלען פייער... רוהיג אויף דער וועלט, רוהיג אויפ'ן הארצען, מען נישט די פערד־העגדלער, וואס פיהרען זייערע טאבונעס, טרינקען וואסער צו דעם אוליאנקע, צושטערען די אידיליע מיט זייערע קולות: ניא, הא—הא.

— מיין זוהן, לעג זיך בעסער איצט שלאפען און מארגען, אז גאט וועט געבען געזונד און לאזען לעבען, וועסטו אויפשטעהן טאקי אביסעלע פריהער, —זאגט יעקב־פסח צו מענדעלע'ן ניט אבטרעטענדיג פון אויווען...

עמיצער האט אפנים אנגעריהרט מיט'ן בייטש מיקיטעס הינטעל — מורזיקען: — פלוצלום האט זיך דערהערט פון גאס א בילערייּ: „האו־האו“ און יעקב־פסח'ס גאלגאנער האן „א וואסער מאדים“, — א „פסח'דיגע סחורה“ האט אבגעענטפערט העפליך, מיט א קרעה, און מענדעל, מיינענדיג אז עס איז שוין האלבע נאכט, האט בעוויליגט צו לעגען זיך שלאפען... ער איז טאקי געווען אביסעל איינגעמאטערט... שטיל האט ער זיך אנידערגעזעצט אויף דער אויסגעבעטער קאנאפע, מיט א מולטערל צוקאפען, כדי עס זאל זיין העכער און מיט כונה אנגעהויבען צו זאגען קריאת־שמע:

— „השכיבנו אבינו לשלום, והעמידנו מלכנו לחיים טובים ולשלום“, — שלאף אונז איין טאטע מיט פרידען און וועק אונז אויף אונזער קעניג צו א גוטען און פרידליכען לעבען, — האט ער געשעפטשעט, נאר קיינער האט,

כמעט, ניט געהערט זיין קריאת־שמע, — א קליינ־קינדיש צו זאגען אזא צוברא־געניש — און דער אומרזה פון דעם אלטען וואנדער־זייגער, מיט זיין שטענדיגען טיק־טאק האט פערשטויבט מענדעל׳ס דינגען, שטילען קול.

ווי מענדעל האט נאר געענדיגט קריאת־שמע, האט ער זיך גלייך געלעגט שלאפען, מיט דער דעה מארגען גאנץ פריה, איידער די זון וועקט נאך אויפגעהען שוין זיין אויף די פיס א וואכעדיגער: — א מאטען מיט א מאטען דארף מען העלפען! ניט נאר א מצוה, נאר — א חוב...

---

## XI.

פרייטאג פריה־מארגען... דער הימעל — קלאהר און די זון היצט אזוי שטארק געהיצט און געברענט אז אפילו שמעריל דער ישיש — דער מאטע פון אלע ביערעזאווער זקנים — וואס פלעגט, אפילו אין די גרעסטע היצען, אין מיטען תמוז, קיינמאל ניט אראבנעמען פוז׳ם לייב, זיין אלט־פרענקישען, צוריסענעם קעצענעם פוטער, האט אויך געזאגט, אז ער געדענקט ניט עס זאל זיין אזא הייסער טאג ווי היינט, ממש, ווי אין אלוני־ממרא, אז די מלאכים זענען געקומען צו אברהם אבינו אויף וואַרמעס... דורך דעם ביערעזאווער מארק איז ניט דורכצוגעהן: אומעטום אנגעשטעלט און אנגעלעגט... הונדערטער וואגענס שטעהען איינער נעבען די אנדערע מיט די האליאבלעס אין דער הויך, ווי חופה־שטאנגען.

אויף די וואגענס זיצען פויערים מיט פויערטעס מיט זויג־קינדער אויף די הענד... די קוואקערייען פון די הינער, וואס מען האט געבראכט אויף צו פערקויפען, הערען זיך איבער׳ן גאנצען שטעדטעל און מישען זיך צונויף אין איינעם מיט די הירזשערייען פון די פערד, און מיט די קולות פון די דארפישע קינדער, וואס זענען דאס ערשטע מאל, — זייט זיי לעבען, — געקומען אין שטאדט אריין — אין ביערעזאווע, און האבען זיך איצט דער־שראקען פון דעם אונגעוועהנליכען רעש און טומעל, פון די נייע פנים׳ער...

נעבען די וואגענס שטעהען גוים מיט שטרויעלעך אין די מיילער, קראצען די פאטילניצעס, אדער פערבארשטען מיט א קאם די האר... מען קריגט זיך ניט, — שלום, ווייל מען איז נאך ניט געגאנגען מיט די איקאנעס צו דעם אוליאנקע און דעריבער איז מען נאך אין גאנצען ניכטער, און די פערד־גנבים ליגען נאך אויך ערגעץ אין די לעכער און בעטראכטען זייערע פלענער... דערווייל פערקויפט מען נאך גאר נישט, ווייל דאס אמת׳ע האנדעל, הויבט זיך ערשט אן נאך־האלבען טאג, בשעת מען קומט שוין צוריק פון טייך — נאך דער פראצעסיע...

די פּיטערים, וואָס האָבען זיך אַביסעל פערשפּעטיגט, האָבען שוין ניט געפונען קיין לעדיגען אָרט ניט אויף דעם מאַרק און ניט אויף די געסלעך — אומעטום בעזעצט — און דעריבער האָבען זיי זיך געמוזט אָבשטעלען נעבען דער אוליאַנקע, אַקוראַט אַנטקעגען יעקב-פּסח'ן און סיקיטען... יעקב-פּסח איז געוואַקסען פון שמחה, זעהענדיג, ווי וואָס ווייטער קומט צו אַלץ מעהרער עולם, — ער האָט אַרויסגעשטעלט אויפ'ן נאָס דעם פּסח'דיגען טאַבורעט מיט אַ גרויסען קופּערנעם סיפאָן זעלצער-וואַסער, עטליכע טאַראַנעס און בולקעס... יעקב-פּסח האָט געפיהלט, אַז ער איז היינט דער מנצח און געזאָגט, טריאומפירענד, צו דעם געזינדעל:

— נו חכמים גרויסע, וואָס האָב איך צו אייך גע'טענה'ט?.. געדענקט מיינע ווערטער, אַז צו צוויי אָדער דריי דער זיינער וועט זיין כלחוך השור, — אפילו אַ ביינדעלע וועט ניט בלייבען... גאָר נישט, עס איז דאָך שוין אַ פערפאַלענע זאַך, נאָר איך זאָג אייך, ווי מיר האָבען פרייטאָג אויף גאָר דער וועלט, אַז מען וואָלט אָנבאַקען און אָנקאָכען צוויי מאָל אַזוי פיל, וואָלט זיך אויך אויסבערענגען...

קיינער האָט איהם אויף זיין נצחון ניט געענטפערט, מעהר נישט שרה האָט אַרויסגעצויגען דורך די צייהן עטליכע ווערטער:

— הלואי, רבונו-של-עולם, פון דיין מויל אין גאָט'ס אויערן... ווינציג הצטרכות, ברוך-השם, וואָס? — און זי האָט זיך אומגעקערט צוריק מיט דעם פנים צום פּריפּעטשיק, וואָס זי האָט איבערגעוואַשען געזאַלצענע הערינג.

מענדעל איז געשטאַנען נעבען דעם נאָסיגען פענסטער און געדאַווענט שחרית...

אַרום די ציגיינערשע וואָגענס, וואָס זענען געווען אָנגעפילט מיט קליינע ציגיינערלעך, זענען אַרומגעלאָפען ביעראָזאָווער אינגלעך מיט נאַקעטע קרומע קעפּעל—נח דעם קצב'ס מוזיניק — בראש און געשריען: — מצרים, אַ, מצרים, מאַראַ-ראַטאַ, פוטאַ-טומבע, מכות-טובים אייך נעגעבען משה רבינו, עפּעס געשמאַק?.. טוב מאד און חושך-צפרדעים און תמרות-עשן, און דם און מכות-בכורות, אַ האַ...

נחום'ל דעם רבי'נס, — אַ קורץ אינגעל, אַביסעל אַ האָרבעוואַטער מיט אַנ'אָפּענעם האַרץ, — האָט אָנגעהויבען צו שרייען, מעשה-למדן, אויף די קינדער:

— אַ לאָזט, איהר קאָנט ניט... די ציגיינערשע מצרים פערשטעהען מעהר נישט, ווי לשון-קודש... נעמען זיך אָן, וואַרט'ס איך וועל זיך אַקאָרשט מיט זיי דורכשמועסען, מיט די טמאים, — און צוגעהענדיג מיט

שמאָלץ צום וואָגען, האָט ער אָנגעריקט דאָס הערבעל און געווענדט זיך צו די ציגײַנערלעך:

— מצרים, כסילים, פראים, שמעו נא, היכן פרעה שלכם? היכן פוטיפר? האַ!.. ואיננו!.. אַלע אינאַײַנעם, אי די ציגײַנער, אי די אידישע קינדער, האָבען זיך פֿענאַנדערגעלאַכט פון נחום׳לס רעדע... אפילו ישראל דעם גנב׳ס בן׳אָקעל, וואָס איז נאָר געקומען אַהער רײַסען האָר אויף סטרונעס פון די ציגײַנערשע פערדישע עקען, איז אויך צוגעשטאַנען צום עולם און עפּעס געמורמעלט לשון־הקודש׳דיגע ווערטער, און געקנאַקט מיט די פינגער די ציגײַנערלעך אין פנים.

מענדעל האָט געקוקט דורכ׳ן פענסטער און געקײַקעלט זיך פון געלעכטער, זעהענדיג ווי נאָטע קרומע קעפעל — אַ געזונדטער קורדוקעל — טופּעט מיט די פיס און שרײַט שוין ניט אויף לשון־הקדש:

— נו בעטלער דלפנים, איהר וועט וואַרפען אידישע קינדער אין טײַך, האַ?.. זאָגט, — שוין אַ טויט אויפ׳ן אָרט וועל מיר אייך מאַכען... איהר וועט אונז פערמויערן אין די ווענד פון רעמסס? וואָס שטיכט איהר, האַ?.. נאָכלויפען נאָך אונז אין דער מדבר אויף רײַט־וואָגענס?.. ממזרים, האַ נישקשה פערגעבען אין ים, דאַכט זיך אַ צעהנטען פאַרזאָגען?.. וואו איז איצט אײַער מלוכה, פערד־הענדלער, ציגײַנער, גנבים?.. יאַטען זײַט סכין די ידים, מען דאַרף זײַ אַרײַנ׳נותן׳ען, איהר הערט, נאָר טרוקענע קלעפּ, — אין דיך און אין די פלײַנקען... — האָט זיך נחום׳ל צוקאָכט און אָנגעחאַפּט אַ קלײנעם ציגײַנערל פאַר׳ן האַנד, מיט קולות: — צום אוריאַדניק, גנב, רויבער... יאַטען דעקט, דעקט, דעם שטעקען צווישען די פיס... „לא תחיו כל נשמה"... יאַטען „מלחמת־מצוה", — אויף קידוש־השם... פאַר די קינדערלעך, וואָס זײַ האָבען דער־טרונקען... יוסף הצדיק האָט זײַ געראַטעוועט פון הונגער, — די חוירים און זײַ... אַזוינע צרות... פון הינטען: אין מאַליק אַ מאַראַבענץ, ער זאָל זיך איבערקוליען, מיר וועלען זײַ בעצאָהלען פאַר אַלע... אונטער׳ן וואָגען ליגט בײַ זײַ גאָלד און זילבער, וואָס זײַ האָבען רעגנסטמאָל בעהאַלטען פון די אידען...

די ציגײַנערלעך האָבען זיך דערשראָקען, די שוואַרצע אוינגעלעך האָבען זיך פענאַנדערגעבליצט, און ווי צאַפּלענדע כפרות, אָנגעהויבען אומשפּרינגען פון אײן וואָגען אויף דעם אַנדערן...

נאָר פלוצלום האָט מענדעל דערהערט פון ווײַטען, ווי מען זינגט עפּעס געשמאַק און ערנסט. די טענער הויבען זיך אויף און לאָזען זיך אראָב, וואָס ווײַטער ווערן זײַ אַלץ נעהנטער, הילכיגער, שטאַרקער און ווי מיט אַ מעסער שנײַדען זײַ די אָנגעבערענטע לופט... זײַ זענען שוין גאָר

נאַרנט. מען קאָן שוין אָבטײלען די דינע קלאַנגען פון די גראָבע, „באַטשען וועדגען „אַלט־יען”... דאָס זינגעדיגע איז אַ בענקענדע, אַ סקאַרבאַטשע... עס דאַכט זיך אַז אַ נאַצבע וועלט מיט קולות, בעוויינט עבּיצען, בעקלאָגט עטוואָס אַזוינס, וואָס איז שוין געשטאָרבען אויף עביג, וואָס וועט זיך שוין קיינמאָל ניט אומקערען... און פון דעם ביעראָזאָוויער הימעל שרײַט עמיצער מיט אַ צדוק־הדין קול:

— וויינט, וויינט, נאָר דאָס איז אַ גזירה פון גאָט און קיינער וועט דאָ נאָר נישט העלפען...

און מענדעל האָט דערזעהן, ווי אַלץ אַרום און אַרום איז פּערציטערט געוואָרען... די אידישע קינדער האָבען פערלאָזען זייער „מתחת־מצוה” מיט די „מצרים” און אַנטלאָפען אין יעקב־פּסח׳ס פּאָר־הויז; די ציגיינערלעך זענען אַראָבגעשפּרונגען פון די וואָגענס און צושראָקענע צולעגט זיך אונטער יעקב־פּסח׳ס פונדאַמענט פון הויז; די פויערים און פויערטעס, וואָס זענען דאָ געשטאַנען, האָבען אָנגעהויבען צלמ׳ען זיך, בוקען צו דער ערד, אַנדערע פון זיי האָבען זיך אַוועקגעשטעלט אויף די קניען...

אפילו די קלאָגעדיגע שקאַפּעס — די צוהויקערטע דאָרפישע פערדלעך, האָבען אויך אָנגעהויבען צו שפּרינגען אין דער הויך כּוּן אימה און ברעכען די וואָגענס, רײַסען זיך פון שטריקעל.

מענדעל האָט אַראָבגענומען דעם „של־ראש” און אַרויסגעשטעלט דעם קאָפּ דורכ׳ן פענסטער, אײַנקוקען זיך, וואָס איז דאָרטען פּאָרגעקומען...

פון אַלע זײַטען איז דער גאַנצער נעגענד געוויען שוואַרץ פון מענשען, וואָס האָבען געשוועבט אין דער שטויביגער און זאַטריגער לופט. ערגעץ ניט געוויען. אפילו אַ פינגער וואו אַרײַנצושטעקען... טהטות גוים מיט הוילע קעפּ אָהן היטלען, פויערטעס מיט רויטע פאַטשײלקעס אויף די האָר זענען געגאַנגען טראָם בײַ טראָם מיט שטאָלץ, מיט גבורה און אַרום זיי האָבען זיך געטראָגען ווי הײשעריקען, הונדערטער קליינע קינדער אין לאַנגע סערמיעזקעס און לאַפּטשעס. פון די פויערים האָט געגאָסען שווייס, ווי וואַסער, אַנדערע פאַלען, נאָר די רגע זענען זיי שוין ווידער אויף די פיס. עפּעס אַן׳אומגעוויינהעליכער כח, האָט זיי אַלץ געטריבען ווייטער, פאָראויס, אַלץ נעהנטער צום טײַכעל און די פּנים׳ער זענען געווען שטרענג, ערנסט... די אויגען לויכטען. שטראַהלען און קוקען אויף אַלץ אָהן מורא... עס האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס געהען, ניט טויזענדער פויערים מיט פויערטעס אין ווינטערדיגע סערטיעזקעס, אין ווינטערדיגע פאַטשײלעס אויף די פּלײצעס, נאָר איין מענש,—אַ מורא׳דיגער, אַ גרויסער, וואָס איז ביכולת צו מאַכען פון אַלץ אַ תל, אויב ער וועט נאָר וועלען... ימים, טײַכען, בערג, דאָס

זעגען אַלץ אַ שפּײַ פֿאַר אָט דער גרויסער מתּנה!.. ווער וועט דאָס האָבען די העזה צו שטעלען זיך אַנטקעגען איהר?.. אין דער רגע וועט זי קיינעם גאָר נישט ניט שענקען און וועט פֿון אַלץ — וואָס עס וועט זיך נאָר שטערען אויפ'ן וועג, — מאַכען אַ חורבה, צורײַבען און צוטאָהלען מיט איהרע באָרוועסע פיס, מיט איהרע צוטאַזאָליעטע, שוואַרצע הענד!.. דער קלאָר-לויטערער הימעל, איז געוואָרען גרוי און ערטער ווײַז שוואַרץ, וואָלקענדיג, פֿון דעם שטויב, וואָס האָט זיך געטראָגען פֿון אונטער די פיס און עס האָט זיך געדאַכט, אַז דער הימעל אַליין האָט זיך עפּעס דערשראָקען פֿאַר אָט דער גרויסער מחנה, וואָס האָט איצט בעהערשט אי דעם הימעל אי די ערד און איז געוואָרען דער וועלט-בעל-הבית, צו וועמען אַלע הערען זיך צו מיט הכנעה...

און אַרום — שטיל, פֿון קיינעם אפילו אַ וואָרט ניט געהערט, עס קלאַפּט דער אָטהעם... אויף זייער כח, אָבער געוועלטיגט נאָך אַ גרעסערער כח, וואָס האָט אַלעמען פעסט געהאַלטען אין זײַנע אײַזערנע הענד. אין בּיז אַ צײַט איז מען עפּעס, ווי פֿערשטומט און פֿערטויבט געוואָרען...

קיינער האָט גאָר נישט געזעהן — מען איז געגאַנגען ווי פֿערבלענדעטע: מען האָט געטראָטען מיט די פיס היהנער און העהנער; מען איז געגאַנגען איבער פֿערוויסטע גערטנער; אָן די שפּיציגע פּאַרקאַנס האָבען זיך געריסען די סערמיעזקעס און פּאַטשײַלקעס; אַנדערע האָבען פֿערלאָרען די סוויטקעס פֿון די פּלייצעס און מען איז געבליבען אין איינע העמדער. יונגע פּויערטעס, האָבען אַראָבגעוואָרפען פֿון זיך די שובקעס און זענען געבליבען, כמעט, נאַקעט. די גרויסע, פֿולע בריסט זייערע האָבען זיך אומגעוויגט איבער די לײַוונטענע העמדער, ווי פּוזירעס אויף וואַסער... אויף אַ רגע האָט זיך דערהערט אַ פּישטשערײַ פֿון אַ קינד, נאָר תיכף איז עס אַנטשוויגען געוואָרען, ווײַל מען האָט איהם גלײַך דערשטיקט אויפ'ן אָרט, צום טויט...

בײַ די עלטערע פּויערים האָט זיך געגאָסען בלוט פֿון נאָז אויף די וואָנסען, בערד און קליידער... די ליפּען צוהאַקט, צושפּאָלטען, מען איז דאָרשטיג... און אַרום קיין שאָרך, קיין טומעל!..

אין אַ מין הין-חער-פּלעט האָט מען זיך געפֿונען: קיינער האָט גאָר נישט בעמערקט, וואָס עס טוט זיך אַרום איהם און נעבען איהם. צוגעשטימט איינע צו די אַנדערע מיט אונגעזעהענע קייטען, האָט מען זיך קוים בעוועגט ווי מען וואָלט זײַ פֿיהרען צו דער תליה...

פֿאָראויס האָבען אויף לאַנגע שטאַנגען געפּלאַטערט, ווי פֿאָהנען, די איקאָנעס... איבער זײַ האָט אומגעטאַנצט אַ זאַטע, אַ יום-טוב'דיגע, די

ברענענדע זײַן, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס זײַנען נאָר ניט איקאָנעס, נאָר שטיקער פײַער, וואָס נעהען בעלײַכטען דעם וועג פאַר; אָט דער מחנה וואַנדערער, כדי זיי זאָלען ערגעץ ניט פערבלאָנדזשען, ניט נעהן וואוהין מען דאַרף ניט... אַרום די זײַטען פון די איקאָנעס האָט מען געטראָגען גרויסע לאַמטערנעס.

די גלחים — אין די גאָלדענע מאַנטלען, שוואַרץ־סאַמעטענע מיצען און ברייט־זילבערנע צלמים אויפ'ן האַרצען, — וואָס זענען געגאַנגען צווישען דעם המון און צווישען די איקאָנעס, האָבען צוגעגעבען אָט דער גאַנצער מחנה, אַ פּנים פון חילות פון יענע אור־אַלטע צײַטען, בשעת מען פלעגט אַרויסגעהן אויף מלחמה מיט געטער און כהנים... עס איז געוועזען אַ מין שטילקייט וואָס פאַר אַ שטורם־ווינד.

די ערד האָט זיך אויסגעווינט אונטער זייערע פיס!

מעהר נישט די מילדע, צערטליכע, הימעל־בלויע ניגונים פון די שיקסעס, וואָס זענען געגאַנגען נעבען די גלחים, האָבען געהילכט ווייך־הערציג, רחמנות'דיג, אין דער שטרענגער, האַרט־אייזערנע לופט...

ניט קוקענדיג אויף די וואָלקענס פון שטויב, וואָס האָבען געדריקט און געפרעסט די העלזער, — דאָך האָבען זיי געזונגען הויך, גלײַך ווי זיי וואָלטען וועלען, בכיון, איינשלינגען, פערטויבען די פיעט־גראָבע, שטעכעדיג־בעזע, גלח'שע קולות...

זייערע שטימען האָבען אָנגעזאָגט אַ בשורה־טובה פון אַנדערע וועלטען!

אַנ'אימה האָט אָנגעכאַפּט מענדלען, אַז ער האָט דערזעהן דאָס הערליכע בילד; זײַט ער געדענקט, איז נאָך ניט געוועזען אַזאַ גרויסע פּראָצעסיע, ווי הײַנט. און יעדער אבר האָט געציטערט.

איהם האָט געדאַכט, אַז אָט די גאַנצע מחנה, וועט זיך באַלד אָבשטעלען נעבען זייער הײַזעל און ווי אַ פײַער־שפּײַענדע באַרג אַלעמען צו־מסית'ן. אויף דעם זכרון זענען אַרויפגעשוואומען די פערשידענע מעשיות פון גזירות־ת'ח, פון באָגדאַן חמעלניצקי'ס צײַטען... אויס'הרג'נען...

אָט שטעהט דער דובנא'ר רב אויפ'ן מיטען מאַרק... אַרום איהם אידען, פּאָליאַקען... די פּאָליאַקען זאָגען אויך נאָך דעם רב ווי אַלע איבריגע אידען:

— רבונו־של־עולם, הבט משמים וראה כי היינו לעג וקלס בגוים, נחשבנו כצאן לטבח יובל, להרוג, ולאבד, ולמכה ולחרפה — — האר פון דער וועלט, קיק אַראָב פון הימעל און זעה, מיר זענען געוואָרען ווי שעפּסען, וואָס מען פיהרט צו דער שחיטה. אויב דו ביזט דאָ אויף דער וועלט בעוויז זיך און אויב ניט לייקען איך אין דיר פאַר אַלעמען אין די אויגען,

— האָט אויסגעשריען דעם רב'ס טאָכטער און אין דער רגע זענען אונטערגעקומען די קאָזאַקען און מען האָט איהר געשענדעט פאַר דעם רב אין

דיִ אויגעֶן, דרײַ טעָג און דרײַ נעָכט געֶשׁניִטעֶן און געֶבּרעָנט... אוי, רִבּונו־שֶל־עולם...

— מאַמע, מאַמינקע, מאַך דאָרטען צו די הויפּישע פענסטער, מען געהט שוין צו דעם אוליאַנקען, — האָט מענדעל אויסגעשריִען און אַליין געוואָלט צושליסען דאָס גאָסינע פענסטער, פון וואַנען ער האָט געקוקט אויף אָט דער פּראָצעסיע...

נאָר, פּלוצלינג, האָט ער דערזעהן צווישען די זינגערקעס אַגאַפיען, און מענדעל איז געבליבען שטעהן ניט ריהרענדיג זיך פון אָרט, ניט אַרויסרעדענדיג מעהר קיין וואָרט... דאָס איז געוועזן ניט די אַגאַפיע, וואָס ער האָט געזעהן אַ גאַנץ זומער אויף דעם גאָרטען, אָדער שבּת־פריה־מאָרגען, בײַ זיי אין היזעל, בּשעת זי פלעגט קומען אַראָפּנעהמען די לייכטער פון טיש, אָדער שבּת צו שלש־סעודות — אויסמעקען די ציִנ; אויך איז דאָס ניט געוועזן די זעלביגע אַגאַפיע, וואָס ער האָט געזעהן מיט עטליכע וואָכען צוריק אַ הוילע אין טײַך .. גאָר אַ נײַע אַגאַפיע: — די רויטע בלוזקע איז פעסט צוגעקלעפּט צו איהר גוף און עס זעהט זיך פון ווײַטען, ווי בײַ איהר קלאַפּט דאָס האַרץ, ווי די יונגע, נאָך ניט צײַטיגע, בריסט ליגען ניט אַיין אויף איין אָרט, און די אויגען פינקלען, ווי די גאָלדענע אותיות פון די איקאָנעס אונטער דעם העלען זונען־שײַן. דער לאַנגער, פערפלאָכטענער צאָפּ, וואָס ליגט גלײַך ווי אַ סטרונע אויף די פײַנטע פּלײַצעס, גיט איהר צו נאָך מעהרער חן און רופט, ציהט צו זיך, פערלענגערט זיך און שטאַרט דאָרט ווײַט. דאָרט וואָס שטיפעריש דאָס פענסטערל נעבען וועלכען ער איז געשטאַנען, — רופט אַרויס אַ ים פון געפיהלען און די ליפּען, די הענד, זוכען עפּעס, רוהען ניט...

אָט שטעהען נאָך זינגערקעס, נאָר יענע, ווי זיי עפּענען נאָר אָב די סידער, בעווייזען זיך בײַ זיי שוואַרצע גרויסע צײַהן, די פּנים'ער ווערן צוקריִמטע. עפּעס אַ שווערקײַט ליגט אויף זיי, — אויף די איבּריגע זינגערקעס אין די געוועהנטענע שוואַרצע זשאַקעטען און ברײַטע ווײַסע פאַטשײַלקעס, מיט שוואַרצע פּאַסען אויף די קעפּ... אָט האַרט נעבען דעם אַלטען גלח, שטעהט קוזמיע דעם קלינגערס טאָכטער — די גוי'ישע לעהרערין, אַ האָרבעוואַטע מיט פּרישצעס אויף דעם פּנים און זי קוקט אויף אַלעמען עפּעס ניט גוט, מיט בייזע שלעכטע אויגען, מיט קנאה...

מעהר ניִשט איין אַגאַפיע געהט מיט פעסטע טריט, מיט שטאָלץ, מיט גאוה... איבּער דעם שטויב ווינד, שפּרינגען אום די געקרײַזעלטע לאָקען אויף דעם קאָפּ און, אַז זי הויבּט אויף איהר שטימע, ווערד דאָס פּנים נאָך ערנסטער, שעהנער און עפּעס אַ וועלט מיט חן און ליבשאַפט,

ליגט בעהאַלטען אין די גריבעלעך פון די באַקען... איז דאָס אַגאַפיע?... יאָ זי, זי!..

און מענדעלע'ן דאַכט, אַז אַגאַפיע פיהרט דאָס אַלעמען נאָך זיך, אַז זי איז דאָ ביי זיי אַ נביאה, אַ הייליגע, און וואָס זי זאָל הייסען, וועלען אַלע פאָלגען... קיינער וועט זיך ניט שטעלען אַנטקעגען איהר.

מיט אַמאָל איז מענדעלע אַ־וויבגעלאָפען אויפ'ן גאַס... דער „של־יד" איז ביי איהם געבליבען אויפ'ן האַנד... ער האָט זיך געשטופט, געשטויסען אַלץ נעהענטער צו יענער זייט, וואו עס איז געשטאַנען אַגאַפיע... אַהין, אַהין און וואָס ווייטער, איז ער אַלץ טיפער געזונקען אין דעם אונענדליכען תהום פון מענשען... ער זעהט שוין ניט, אַפילו זייער הימעל. די וועלט האָט זיך פערצויגען מיט אַ נייעם הימעל און ער שוועבט אום אויף איהם... ער פיהלט אַפילו ניט, ווי דער גרויסער ביה פון „של־יד" האָט איהם צוריבען דעם ערענבויגען אויף בלוט...

אַ הויכער אַ גראָבער פויער, מיט אַ לאַנגען געלען באָרד, האָט אויף איהם געמאַכט קולות:

— זשידיאָנעק טי סוקין־סין, שאַפקו סנימאַיי, אַ טאָ טרעסניו פאָ באַשקע טאַק, טשטאָ טוואָיעוואָ זשידאָווסקאָיוואָ ראַזווינא ניע אָווידיש, חלאַמידאָ!.. טאָלקאַיעטסיאַ יעשצאָ, פאַרך!..

מענדעל האָט זיך אָבגעשטעלט איבער דעם פויערס גוואַלדען!

— אידי, אידי!.. בראַטצי ראָדניענקיע, אי זשידקאָ טפּיליאַנקי, אַ גדיע טוואָיי „שמע־ישראל"?.. — האָט זיך געווענדעט צו איהם אַ ביעראָזאָוועֶר שייגעץ און, אַראָבריַיסענדיג ביי איהם דאָס היטעל פונ'ם קאָפּ, האָט ער איהם דערלאַנגט אַזאַ שמאַרקען פּאַטש, אַז מענדעלע'ן איז געוואָרען פינסטער אין די אויגען, און ער איז קוים געבליבען שטעהן אויף די פיס... פון רעכטען אויער האָט גערונען בלוט אויף די פאות, און אויף דעם באַק... עס האָט איהם געקלאַפט אַ צאָהן אָן אַ צאָהן...

אין מח האָט זיך דאָרטען אַ גאַנצע קנויל פערפּלאָנטערט, נאָר מען האָט איהם געשטופט פון הינטען, און ער איז געגאַנגען... נאָך אַ שייגעץ — דאָס פנים איז געווען בעהאַלטען אונטער דעם לאַנגען דאַשעק, מעהר ניט דאָס זילבערנע אוירינגעל פון לינקען אויער האָט זיך געזעהן, — האָט, בכיון, אַרויפגעלעגט זיין שטאַרקע האַנד אויף מענדעלס הוילער קאָפּ און שלעפּענדיג איהם פאַר'ן עק בגד, האָט ער געשריען:

—ע—עיי זשידיאָנאָק, דריט טוואָיאַ פאַלקאַ, פאָדניִמי טוואָי טפּיליאַנקי, טפּיליאַנקי פאָדניִמי...

מענדעל האָט דערזעהן, ווי די גאַנצע רצועה פון „של־יד" שלעפּט זיך איבער דער ערד, און דער שייגעץ, וואָס האָט איהם געריסען פאַר'ן

בגד, לעקס, בכיק, אַרויף די פּיס, אויף אָט דער רצועה, כדי מענדעלע זאָל זיך פּערטשעפּען און פאַלען ... דער „שכל“ איז אַלעמען געפּעלען געוואָרען און מען האָט אָנגעהויבען אויסטערשטעלען פיס, הויבען איהם אין דער הויך פאַר די שפּיץ אויערן, פאַר די הענד ... אויף דעם אָרט וואו מענדעלע איז געשטאַנען איז פּלוצלום געוואָרען פרעהליכער, די פריהערדיגע קדושה איז אין גאַנצען אַראָב ...

דאָס קליין אידעל האָט געמאַכט פון דער ערנסטער מחנה, — אַ כת לצנים ...

אַ קאַרליק אַ פויער מיט אַ צוויייענדיגער ליפּ און אַ לאַנגע גרויע באָרד אין לאַפּטשעס, האָט מיט אַ דין שטרויעלע געשטאָכען מענדעלען אין די אויערן, מיט די גראָבע נעגעל געצופּט און געריסען דעם חראָשטשיק.

נאָך איינער האָט איהם געקראַצט אונטער'ן קאָלנער, געשנעלט אין נאָז, אין פּאַטילניצע, געדרעהט פאַר'ן אויער, און פענאַנדערגעצויגען זיינע דאַרע פּלייצעס ...

מענדעל האָט עס שוין מעהר ניט געקאָנט אַריבערטראָגען ... דאָס האַרץ האָט פערקוועטשט און בייסענדיג דעם קלייניגקען פויערס הענד, וואַרפענדיג זיך, האָט ער זיך פענאַנדערגעראָוועט ... דער פויער האָט איהם געלאָזען צורוה ...

— בראַטצי פּראַוואָסלאַווניע, גריעך. סאָוסיעם זאַמוטשעטע ושידקאַ. באָח טאָ וויעד אָדין, טילקאָ וויערא דרוהאַיאַ ... — האָט זיי אָנגעהויבען מוסר'ן אַנ'אַלטער פויער מיט גרויסע שוואַרצע אויגען, אין אַ ווינטערדיגען פּעלץ, אַ באָרוועסער. די גאַנצע צייט האָט ער געשוויגען, נאָר מענדעלס געוויין, אַ פּנים, האָט איהם שטאַרק דערנומען. און ער האָט שוין אויך מעהר ניט געקאָנט איינהאַלטען.

אַלע האָבען זיך עפּעס ווי פערשעמט פאַר דעם אַלטען פויער'ס מוסר.

ניט צונויפרעדענדיג זיך, האָט מען מענדעלע'ן געמאַכט אַ וואַרע, דורכגעלאָזען אַ וועג אויף אַנטלויפען.

אַ געזונדטע יונגע פויערטע מיט פענאַנדערגעלאָזענע האָר, האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף איהם מיט די בריסט, ווי זי וואָלט איהם פערשטעלען פון די שונאים'דיגע הענד, און שטיפענדיג געשריען:

— אוטשיקאַי, אוטשיקאַי, זאַבימשעלי יעווא, ניעסטשאַסטנאַוואָ ...

און מענדעל האָט זיך געלאָזט לויפען!

זענענדיג מבולבל, איז ער דוקא געלאָפען ניט צו דער היים, נאָר צו דעם אוליאַנקע ...

וואַסקע דעם טעפּערס האָט זיך ווידער בעוויזען, — דערזעהענדיג,

חי: סענדעל לויפט, האָט ער איהם אָנגעכאַפּט פאַר'ן קאָלנער, און צוריסען דעם קאָלנער אויף צוויי שטיקער. אויף צו להכעיס, ווידער געקניפּט פאַר'ן באַק און אונטערגעשטעלט אַ פוס. סענדעל איז געפאַלען אויף הינטער, נאָר די יונגע פויערטע איז צוגעלאָפען, אָבגעשלעפּט וואַסקען, און סענדעל איז אויפגעשטאַנען, אונטער אַ רעש פון „האַ־האַ“ און „אַי דע ושיראָק“... און איז ווידער געלאָפען, ראַטעווען זיך, ראַטעווען זיך...

אַ צובײַלטער, אַ צובלוטיגטער, אַ צוריסענער, אָהן אַ היטעל מיט צו־שויבערטע האָר, איז סענדעל אַרויסגעלאָפען אויף דער אַנדערער זייט דאָרפע פון טײַך... דער „של־יד“ מיט דער פאָלע פון בגד, זענען אויך געבליבען דאָרטען צווישען די פויערים אין דעם שונא'ס לאַגער..

קוים אַ לעבעדיגער, האָט ער זיך צוגעפויזעט צו דעם גויישען בית־עולם און אַנידערגעזעצט אויף די גראָז. די צובלוטיגטע ערטער פון פנים האָבען געשמאַרצט, נאָר די קאָמאַרעס, האָבען זיך וועגען דעם ניט געקימערט אין, ווי וואַסקע דעם טעפּערס, דוקא געריסען און געשטאָכען. אומוואַרפענדיג זיך, האָט ער זיך אָנגעשפּאַרט אויף קראָפּאָיווע, — צו־שטאָכען די הענד.

אַלע — גאָט און מענשען, חיות און פלאַנצען האָבען זיך היינט בעוואָפענט אַנטקעגען איהם. פון וועהטאָג, עגמת־נפש און בעליידיגונג, האָט זיך סענדעל פערגאַנגערגעוויינט אויפ'ן קול!..

פון ווייטען האָט זיך געזעהן, ווי הונדערטער מענשען, — אַלטע, יונגע און קינדער, האָבען זיך צושטעלט אויף די קניען, נעבען ברעג אָליאַנקע... די גלחים האָבען זיך אומגעקערט צוריק מיט די פנים'ער צום המון, אויף אַ רגע שאַ־שטיל, קיין בעוועגונג, נאָר תיכף האָבען אַלע אָנגעהויבען צלם'ען זיך... אַנדערע גוים האָבען בעדעקט די פנים'ער מיט די הענד. ניכר, אַז זיי האָבען געוויינט... וואָס פעהלט זיי? פאַר וועמען גיסען זיי דאָס די טרעהרען?..

נאָר אָט פלאַטערן די איקאָנעס איבער דעם אָליאַנקע... די גלחים האָבען זיך צושטעלט אויף אַ בריקעל און דער גאַנצער המון איז אַריינגעשפּרונגען אין טײַך... די פריהערדיגע ניגונים, הילכען איצט נאָך פעסטער, שטאַרקער, — עפּעס דאָס אָליאַנקע איז גאָר געוואָרען קלענער, עס זעהט זיך כמעט, ניט... דערשראָקען זיך פאַר'ן רעש און טומעל... קיין פנים'ער זענען גאָר ניטאָ — אַ גאַנצער כריק פון שוואַרצע, גרויע, ווייס־לייַנענע און רויטע קעפּ... אוי־או, קאָלט!

אָט איז זי... אָט צלם'ט זיך אַגאַפיע: גלייך דערקאָנט... אַגאַפיעטשקע, אַגאַפיעטשקע! ווי שעהן ווי עדעל זי טאַכט אום מיט די הענד. אז זי וואָלט געווען דערבײַ וואָלט קיינער גאָר די העזה ניט געהאַט צו בעגעהן זיך אזוי

מיט איהם, וואסקע ויאָלט איהם דענסטמאָל אפילו מיט אַ פינגער ניט אָנגעריהרט. גאַנץ קאַפּויר, מען וואָלט איהם נאָך געלאָזען געהן צוזאַמען מיט איהר... אַלע וואָלטען איהם געלאָזען אַ וועג פאַראויס... דערצייהלען איהר, — געוויס!..

און אַ נייע אומערוואַרטעטע מחשבה איז פּלוצלום אַרויף אויפ'ן מח:

— ווי קאָן דאָס זיין, אַז זייער גאָט איז מעהר ניט אַ שטיקעל האָלץ, אַ ברעטעל, ווי באַלד מיליאָנען מיליאַסען מענשען בוקען זיך צו איהם גלויבען אין איהם?.. שוין־זשע, זענען אַלע נאַראָנים, ווילדע בריאים?.. וועניג חכמים איז אויך „ביניהם"?.. נאָר פאַר וואָס איז עפּעס גראַף פּאָטאָצקי געוואָרען אַ איד אַ „גר־צדק"?.. פאַר וואָס זענען בכלל דאָ גרים?..

ע, ס'רע מחשבות... „שקץ תשקצנו ותעב תתעבנו כי חרם הוא"... נאָר גלאַט אָבער איז דאָס ניט... פאַר וואָס? פאַר וואָס?.. מיליאָנען מיליאַסען... און אגאַפיע!..

נאָר פיל קאָן ער ניט טראַכטען... ער שטעהט אין מיטען, און די גאַנצע וועלט געהט אַרום איהם אַ האָפּקע... מען שטופּט איהם... מען רייסט איהם אויף שטיקלעך... וואַסקע שלעפּט איהם פאַר'ן בגד... ער ז'ין אָהן אַהיטעל, געבען די געטשקעס מיט דעם „של־יד" אויפ'ן האַנד... אָט איז אַגאַפיע, געבען איהר עפּעס אַ גלית — אַ גויי־אַ גזלן אַ „שופך־דמים"... פון דעם טייכעל האָבען די גלח'ישע ניגונים געקלונגען, פון די בוימען האָבען פייגעלעך געזונגען, זיי האָבען מענדלען פערוויגט און ער איז אַנדערעמעלט געוואָרען אויף די גרינע גראָז פון דעם גוי'ישען בית־עולם, ווי ער וואָלט בעטען ביי די טויטע גוים, — שוין פון די לעבענדיגע...

---

## XII.

שבת ביי־טאָג שוין אַ שטיק נאָך וואַרמעס, כמעט, צייט צו זאָגען „פרקי־אבות"... היינט אויך אַ חיות'דיגער טאָג, גאַנץ מעגליך, אַז אויב עס וועט אַזוי שטעהן, וועט מען מאָרגען—זונטאָג—אויך אַביסעל יריד'עווען... יעקב־פסח, אָהן אַנ'אויבערשטען בגד איז געזעסען, משה רוהיגער בעל־הבית, אויף אַ בערוועגע געבען מיקיטעס גאָרטען, און אַביסעל אונטער־געגענעצט נאָך דעם שלאָף און נאָך דעם שבת ביי־טאָג'יגען הריאַקאָווען טיי... אַביסעל אָבגערוקט פון איהם איז געזעסען שרה און ביידע — געשוויגען... מען איז נאָך אַביסעל איינגעמאַטערט פון נעכטען און ווידער, היינט איז שבת אויף דער וועלט — ניט קיין צייט צו רעדען וועגען פרנסה, מיט פדיונות...

— בײַ מיקימקען וועט הײַ־אָהר זײַן פײַנע קרויט. — בי״א נדר שבת.

— מען האָט געטוואָרט נײטיג ווי לעבען, אויסציהען אַנערטענדעל... בײַ מיר איז ערגיל אַז ער וועט אָראָבנעהמען אידאי זעקם פֿוד קרויט...

נאָר שרה ענטפֿערט איהם ניט דערויף: איהר קאָרטשעט צו מאַכען אַ שטיקל „חשבון“, — שוין בעצײַטענס וויסען דעם רעכענונג מיט וויפֿיל פּרנסה איז מען נעבעטען אַרויס... זי קאָן זיך ניט אײַנהאַלטען...

— דו ביזט דאָך דער מדינה־חכם... אַרט מאָל בלײַבסט דער גערעכנטער... „געדאַרפֿט נאָך מעהרער אָנבאַקען“... „ביז דער נחמה וועט אַרויס די נשמה“, — צי עס וועט זײַן פּרנסה, צי ניט. דאָס איז נאָך בײַ גאָט אין האַנד, דערווײַל איז דאָס איינעל געבליבען אָהן אַ היטערע אָן צוריסען זאָל ווערען עשו׳ס פֿלייש. — די רציחה: — אויפֿנעהאָנגען אַ רגע דעם בגד׳ל, האָט מען איהם צישניטען אויף פֿײַן בריקעלעך... נאַ דיר פּרנסה, במזומנים... גנבים!..

נאָר יעקב־פּסח האָט איהר גאָר נישט ניט געענטפֿערט. און כדי אָבבינדען זיך פֿון איהרע „דברי־חול“ — פֿון די וואָכעדיגע עסקים, — אָנגעהויבען זינגען מיט אַ קנאַק:

„אַסדר לסעודתא
בצפרא דשבתא“...

שרה האָט דערזעהן, אַז אויף אַ „רעכנונג“ וועט זי יעקב־פּסח׳ן ניט אַרויף־פֿיהרען, נאָר איהר האָט זיך גלאַט געוואָלט היינט שמועסען מיט איהם... ווער ווייס וואָס מיט איהר איז פּלוצלונג געוואָרען.. דאָס פּנים איז רויטליך, זי לאַכט עפּעס אַנדערש, ווי אַלע מאָל און רוקט זיך אָב, — רוקט זיך צו, ווי זי וואָלט זיך שעמען מיט עטוואָס.. ציהט די אַרבעל פֿון העמד...

— ווי געפֿעלט דיר יעקב־פּסח?.. אַ גאָלדענער וועטער, האַלט אפילו זײַן אַשפּרינקעלע אויפ׳ן הימעל... דער לוח האָט אויך געשריבען. אַז הײַ־אָהר וועט זײַן אַ פּיאַטניצע אָהן רעגען?..

— לוח — שמואח... גאָט ווייס ניט, אַז אידען דאַרפֿען פּרנסה?.. ער דאַרף זיך דאָס פֿריהער מישב זײַן מיט דעם בעל־הלוח?.. פֿאַראַנגען וועטען צי גלויבען, — זאָגט אַלע מאָל ליגען ווי אַ כלב, מעהר נישט. אויף קאָפּיקעס אויסגעאַרען איז ער אַ קונצען מאַכער... ניט וואָס רעגען, אפילו די שקיעה טרעפֿט ער אויך ניט... געשריבען. אַז אין דעם קורצען פֿרײַטאָג, וועט מען דאַרפֿען ליכט בענשען, דרײַ אַ זייגער מיט זיבען מינוטען און חנן דער משכיל האָט אויסגערעכענט, — דרײַ מיט פֿיר מינוטען... אַ גבלה פֿון די מוכר־ספרים׳ניקעס, וואָס זײַ העלפֿען איהם מסחר׳ן, דעם ווילנער לײַדאַק... שטערן־זעהער...

דערווײַל האָבן אָנגעהויבן אונטערקומען אידען פון שטעטל, און פרעמדע אידען — יריד־אורחים, וואָס זענען דאָ געבליבן שבת האַלטען... בײַ אַלעמען האָט נאָך געהודושעט אין די אויערן דאָס נעכטיגע פּיאַטניצע׳דיגע האַרמידער, געוואָרן אַביסעל הייזעריג, געכאַפּט אַ זומערדיגען קאַטער, — און איצט איז מען זיך אויעקגעגאַנגען חאַפּען פרישע לופט, ביז מנחה שפּאַצירען אַ ווײַלע נעבען טײַך... הײַנט פריה־מאָרגען איז אויך אָנגעקומען נײַע געהילץ, און ביערזאָווער האָבן ליב צו טרעפען נאָך די בערוזענעס, — נאָך זײַער מאָס אין גרעב — פון וועלכען וואַלד זיי זענען, — זייער שורש — וואָס פאַר אַ סוחר האָט זיי געהאַקט, און ווער טראַנספּאָרטירט זיי... אַ תאוה אַזאַ!.. און אַ טאַטע פון קינדער, לאָזט זיך אָפּט מאָל אַראָב אויף די פליטען, און בלענדעט די אויגען, זוכענדיג דאָס סיהר׳טיגע שטעמפּעל און האָט הנאה...

נעבען יעקב־פּסח׳ן האָט זיך דער עולם אָבגעשטעלט און שרה איז עפּעס ברוגז׳דיג — ווי זיי האָלטען איהר אַ שמחה צושטערן — אוועקגעגאַנגען אין שטוב — אַהיים...

— גוט שבת, יעקב־פּסח!.. וואָס פעהלט איהם דעם פריץ?.. פּאָליאַקאָוו! ליפּטערט זיך, — אַנ׳אייגענע דאַטשע...

— גוט שבת, — גוט יאָהר!.. פּאָליאַקאָוו ניט פּאָליאַקאָוו, נאָר איך זינדיג ניט, וויפיל נאָט האָט אָנ׳געחותמ׳ט, אַזוי פיל האָב איך... יעדער איד איז אַ פּאָליאַקאָוו... איך געדענק נאָך מײַן חתונה האָב איך געוואָהנט אַ יאָהר אין שכנות בײַ סענדער דעם מומחה עליו־השלום... איינמאָל ווינטער בײַ נאַכט... אַ מורא׳דיגער פראָסט — דאָס וואַסער האָט געפראָרען אויפ׳ן טיש, — לויפט ער אַרײַן אין שטוב מיט אַ שמחה...

— אשת חיל, מאַך טײַ, געפונען אַנ׳אוצר, מיר זענען גבירים אדירים!.. — משוגע׳נער, וואָס וועןֿ?.. — וואָס פאַר אַנ׳אוצר?.. צושפּרונגען זיך אין מיטען דערינען... — אָט אַביסעל אַנאַרישע אידענע — רופט זיך אָב סנדר — זײַ משער, אַזאַ פראָסט, — איך בין דורכגעגאַנגען אַזאַ מהלך און ניט פערקלעטעט זיך... איז דען דאָס ניט אַ גאַנצער אוצר?..

אַלע האָבען זיך צושמייכעלט, — סענדער, אַזוינע קלוגע אידען וואַלגערן זיך עפּעס וואָס?.. — און מיט פּעדרוס, מיט אַ ברוגז׳ל אויף דעם רבונו־של־עולם, וואָס ער האָט צוגענומען סענדער דעם מומחה צו זיך, — האָט מען זיך צוזעצט לינקס און רעכטס, אַרום יעקב־פּסח׳ן, די הענד אין די פּאַטשיילקעדיגע גאַרטלען, די בערד אין די סילער, און די פערטרוימטע אויגען קוקען אהין וויַיט אויף דעם הימעל וואו נאָט מיט די מלאכים זינגען איצט „תקנת שבת“, — און אַ קלײַן שוואַרץ וואָלקענדעל ווי אַ האָגר

די גרויס, הענגט עפּעס, ווי אַן'אָבגעריסענער אבר. — עס דאַכט, אַז סענדער דער סומכה האָט אַרויסגעשטעלט אַ באַק מיט אַן'אויער, און הקדם זיך איין צו דעם וואָס מען רעדט וועגען איהם, דאָ אויף דער ערד, — און דעם חלל פון מיקיטעס און יעקב־פּסח'ס שטיבלעך... ביעראָזאָווע פערגעסט קיינמאָל ניט איהרע קינדער!.. ליבע ביעראָזאָווע! שווער צו טרייסטען זיך אויף די געשטאָרבענע און ווי גוט און פרום מען זאָל ניט זיין, דאָך איז מען שטאַרק מקנא משולח'ן, — פּשוט מען פערגינט איהם ניט אַזאַ עלטער... נאָר גענוג שלאָג זיך מיט נאָט...

הײַשקע דער טײַטש, — אַ איד וואָס רײַבט זיך אַרום די נגידים און איז שטענדיג אויסגעפּוצט יום־טוב־דיג, — האָב אָנגעהויבען צו דערצעהלען, אַז דעם עבר'דיגען שבת, זענענדיג אין פּלוניאַן האָט ער געהערט פון מתנגד'שען רב, אַז אין בראָד האָט מען געפונען אַ ספר, וואו עס שטעהט, בפירוש, געשריבען שוואַרץ אויף ווייס, אַז איבער אַ יאָהר וועט קומען משיח...

נאָר יעקב־פּסח האָט איהם איבערגעשלאָגען די רעד:

— קאַלטע מתנגדים!.. ווער קאָן דאָס אויפווייזען, אַז דוקא „איבער אַ יאָהר"?.. פאַר וואָס ניט אין אַ חודש אַרום. פאַר וואָס ניט מאָרגען, פאַר וואָס ניט היינט?.. „איבער אַ יאָהר"!.

—ר' יהושע־העשיל אַפּטער האָט דאָס גאַנצע לעבען, במעט, אָבגעשלאָפען אין די קליידער, אפילו די שטיוועל פון די פיס ניט אַראָבגענומען און יעדעס מאָל פאַר קריאת־שמע, פלעגט ער בעטען דעם משרת, אַז ווי מען וועט נאָר דערהערען, אַז עס קלינגט אַ גלעקעל פון אַ פוהר, זאָל מען איהם גלייך אויפוועקען, ווייל ער גלויבט באמונה שלמה, אַז משיח קאָן קומען יעדער רגע און דעריבער וויל ער ניט, אַז משיח זאָל שטעהן און וואַרטען ביז וואַנען ער וועט אַרויפציהען אויף זיך די מלבושים... איהר פערשטעהט „הכה לו" — וואַרט אויף איהם — אַביסעל פערשפּעטיגט, ער קאָן אָבער קומען אַלע טאָג און ניט דוקא „איבער אַ יאָהר"; ווער עס גלויבט אויף אַן'אמת, יענער לעגט ניט אָב אויף יאָהרען מיט דורות... מתנגדים'שע קונצען..

הײַשקע דער טײַטש, האָט געקוקט אַביסעל אָן אַ זייט, ווי ער וואָלט זיך שעמען פאַר זיין תמימות, — מאַקי אַ נאַרישקייט, גלויבען אַ שבט'ניקעס מתנגד, — ווידער אמת, וואָס עפּעס דוקא „איבער אַ יאָהר", נעהערט אַ טערמין, — דאַכט זיך אַן'אַלטער כלל — „וואָס פריהער איז בעסער"...

דעם עולם איז יעקב־פּסח'ס „ווערטעל" שטאַרק געפעלען געוואָרען און מען האָט זיך בינו־לבינו, פערגאַנדערגעשמועסט, בכלל, וועגען דעם „עצם־מהות" פון משיח'ן. וועגען „רוחניות" און „גשמיות", וועגען דעם גרויסען צער פון משיח'ן — זעהן וואָס עס טוט זיך אָב אויף דער וועלט

און אזוי פיר פויזענדער יאהרען ווארטען מיט דער גאולה... א, די אנגסטען, די יסורים!..

— איהר דארפט וויסען זיין, אז דער צער פון דעם „גואל" איז אסך גרעסער ווי דער צער פון דעם „נגאל"... ברוך השם, מיר זענען שוין צוגעוואוינט צו די צרות, אבער משיח קאן נים צוגעוואוינט ווערן... יעדער אידישער ניגון, ברענט איהם די נשמה; — עס קומט אויף דער וועלט א חכם, א אינגאטיעוו, הויבט ער זיך אן רייסען פון די קעטען, ער מאכט א „יעצקי": „מאמע איך קאן מעהר נים זיצען, זאל זיין געווען"... „א סוף זאל נעהמען"...

דער גאנצער עולם האט זיך פערזארגט אויף משיח'ס הארץ־וועהטאג און אונטערגעהאלפען יעקב־פסח'ן: — א ליבהארציגער־פאטער, שוין צייט, מאקי אויף אנ'אמת צייט!.. מאך שוין וואס גיכער!..

מיקיטע דערזעהענדיג אזוי פיל מענשען איז אויך צוגעגאנגען, א בעט געטאן א שמעק־טאבאק, און שוין צוגעגרייט האלטען א גאנצע דרשה, ווענען דעם ברייוועל, וואס ער האט בעקומען פון דעם פעטערבורגער ברודער:

— חע, חע, צאר אקאלא מעביא, דיענגי ווי פיל דו וויל, איך באהר ארוים אין פעטערבורג...

שפעטער דער בעל־עגלה — א יונגער־מאנטשיק מיט א געלען בערדעל און א גראבע גרינע פאטשיילקע אויפ'ן האלז, — האט אנגעהויבען שפאטען פון דעם נוי־יצעל — פון מיקיטען, מאכען פון איהם פודערע.

— א מיקיטע, — א ראזומנער חאזיאין, פערשטעהט צו דיעלא... מאקי אין פעטערבורג. — וועט מארגויען מיט „צפרדעים", מיט „בהעלותך" און וועט מאכען די דאברע געשעפטען, ווערען א באגאטש...

נאר אויף דעם בעל־עגלה האט מען גענומען שרייען פון אלע זייטען:

— האסט נים וואס צו מלאכה'ן, פענאנדערגע'דבר'ט זיך מיט דעם ערל, לאז איהם הויך'ן. מען רעדט יוענען אזוינע הויכע ענינים, נצרק'ט ער דא עשו'ן... א, א, א נרוויל, א נרוויל;

שפעטער האט זיך פערשעמט, ארויסגעשטעלט א ראנד געזונדטע ווייסע צייהן און, בלומר'שט אונטערגעלאכט...

מיקיטע, פיהלענדיג, אז דאס איז נים זיין עולם, אז דא איז ער מאקי אנ'איבריגער, האט זיך אבגעטראגען צוריק, טראכטענדיג, אז אויב דער ברודער וועט ווען עס איז קומען צו גאסט, אין דעם מונדיר מיט עפאליעטען, וועט ער פון זיי, — פון אלעמען נעהמען נקמה... וואכען לאנג וועט ער טרינקען אין די שענקען אהן א גראשען געלד, און מען וועט פאר איהם שטעהן אהן א היטעל, ווי פאר דעם אוריאדניק.

— אָדום, קרחת פֿעהלט איהם, ווענִיג פּראַווִיִם האָט ער, וואָס... לעב אין דאָרף, לעב אין פּײַטערבאַרג... — האָט זיך אָבגערִיסען יעקב־פּסח, אומזוז נאָך מיקיטען; נאָר דערמאָהנענדיג זיך, אַז על־פּי־יושר, האָט מען נעדאַרפט לאָזען היינט רעדען די אורחים, — מיט די אײַגענע אידען, מיט די ביעראָזאָוויער, וועט קלעקען דאָס יאָהר — האָט ער ארויפגערוקט העכער די יאַרמולקע, און אַרויסגעזאָגט פרײַנדליך:

— נו, אורחים, דערצעהלט עפּעס, וואָס הערט זיך נײַעס אין אײַערע קאַנטען, ווי לעבט זיך אידען? —

די אורחים האָבען אַ קוק געטאָן אײנע אויף די אַנדערע און ניט צונויפ־רעדענדיג זיך, איז דער גורל געפֿאַלען אויף פּישעל דוואַרעצער — אַ הענדלער מיט בײנער, מיט שמאַטעס און צובראָכענע טעפּ:

— וואָס פֿאַר נײַעס זאָל זיך הערען?.. דרויסען איז טאַקי דער בורא אַלײן זאָל זיך דערבאַרעמען. אין דאָרף קאָן מען אפילו אַ נאָז ניט בעווײַזען... גלײַך קומט צו געהן אַנ'אוריאַדניק, אַ סטאַרשינאַ; מען לאָזט ניט, אַפּילו, איבערנעכטיגען... שייך צו זאָגען, דער גלות ווערט מיט יעדער טאָג גרעסער און גרעסער, ווי אַ שווערער וואָלקען ליגט אויף אַלעמען... ניט משער צו זײַן די אימה... און איבערווײַניג איז אויך ניט דאָס וואָס געווען... אויף יעדער טראָט „הסגת גבול", אײנער רײַסט בײַ דעם אַנדערן דעם ביסען פֿון מויל: פּערטראַכט ווער עס איז דינגען אַ סאָד, קויפען אַ בהמה, קומט שוין גלײַך צוגעהן אַנ'אַנדערער און באָט אָן כפל־כפלים... וואָס איז דער סוף?.. בלײַבט, ברוך־השם, אידישע פּרנסה אין גוי'ישע הענד... דעם גוי'ס מח האָט אויך ניט אויסגעדאַרט, ער ווײס אַלץ, וואָס עס טוט זיך... קומט צו געהן קויפען אַשטיקעל בײַנדעל, אַ שמאַטע, מיט אַ יאָהר צעהן צוריק פֿלעגט דאָס געהן פֿאַר אַ פּעניג, איצט גיב איהם אַ זילבערנע מטבעה, און דוקא אַ זילבערנע, — ער וויל גאָר ניט רעדען אפילו:

— עָ, נאַפּליעוויאַט, סקאָראָ פּרידיאָט איצקע אי נאַבאַוויט באָלשע... — געה טענה מיט איהם, ווײַז איהם אויף, אַז בײַ מיר איז ניטאָ, ניט קײן פֿעלד, ניט קײן גאָרטען, אַז דאָס בײַנדעל איז דער גאַנצער מקור פֿון חיונה. עשו, — ער ווײס, וואָס מדת־רחמנות איז, וואָס?.. ברוך־השם, יונים האָט מען אויך אָנגעהויבען טרײַבען שדים ווײסען וואו, אין כּף־הקלע אויפ'ן דעק, — אין אַמור, מען זאָגט, אַז דאָס איז אַזוי פֿיל ווײַט פֿון קיטאַי, ווי קיטאַי פֿון אונז... „אונזערן" איז אויך, לגמרי, ווענִיג די וועלט, דאַכט זיך אַזוי רײַך און שטאַרק, — דײנו! — נײן, איז נאָך אַ הוספה'לע, נאָך אַ שטיקעלע און נאָך אַ ברעקעלע... איך ווײס גאָר ניט, צי זענען ווען עס איז געווען אַזוינע שווערע צײַטען פֿאַר אידען, ווי איצט... מיט אײן נחמה לעבט מען,

אז עפּעס מוז פּאַרקומען, פּיל צײַט קאָן אַזוי ניט ציהען... אין אונזערע קאַנטען איז פּשוט אַ מרידה... מען שמועסט וועגען אײן זאַך, — וועגען אַמעריקא, ענגלאַנד ... ביטער!.. מען זוכט זיך תרופות, — טאָמער — אולי ירחם?.. נאָר איך האַלט דערפון גאָר נישט מיט גאָר נישט... וואָס, שפּילען מיט דעם אויבערשטען אין זשמורקעס? — דערזעלביגער גאָט וואָס אין אַמעריקאַ איז ביי אונז! אַז ער זאָל וועלען קאָן ער דאָ אויך העלפען... דאָ איז פאָרט אַנ'אײגענע היים, אַלע שטעגעלעך און וועגעלעך בעקאַנט; — אַנ'עת־צרה, ווייס מען חאָטש וואו צו בעהאַלטען זיך, עס איז דאָ עפּעס אַשטיקעל שורש אָן וואָס אָנצוהאַלטען זיך... אַ בית־עולם, וואו דאָס האַרץ אויסדערצעהלען, אַ בית־המדרש, וואו אויסצוווײנען זיך ... ניט אין דער פרעמד! איך ווײס ניט, — אפשר, אַזאַ נאַטור, — נאָר איך זאָג אײך „על־אמונתי“, אַז איך דערהער דאָס וואָרט: „פרעמד“ „דירה“, איז טאַקי „דא לדא נקשן“, — יעדער אבר הויבט אָן צו ציטערן, דער מח פאַר־שווינדעלט...

— וואָס די רעד! אַ קלײניגקײט צו זאָגען אָהן אַ קרוב, אָהן אַ גואל, ניט קײן זיסע צוקערקע... — האָבען אַלע אָנוועזענדע אויסגעשריען מיט אײן קאַפּ, און יעקב־פּסח, בענוצענדיג זיך מיט דער געלעגענהײט, וואָס מען האָט איבערגעשלאָגען פּישעל דוואַרעצער, — האָט, ניט פרע־גענדיג ביי קײנעם, ווידער אָבגעפּעפענט זײן „פּי־החירות“ — ווי יעקב דער שוחט דריקט זיך אוים, — און צורעדט:

— מײַנע דיבורים... וואָס אַמעריקא, ווען אַמעריקא... וואָס פאַר אַ לויפען לעבר־לים... אַז מען האָט אַרויסגעטריבען די אידען פון שפּאַניען, איז אַרויסגעפאַלען פון הימעל אַ צעטעל: „לכו לפלניא“... קײנער האָט ניט געוואוסט, וואָס דאָס בעדײַטעט: „לכו לפלניא“... מען האָט געווײנט, געפאַסט, — דרײַ בײַג און דרײַ נעכט אָהן אַ הפסקה, האָט מען געזונגען „על נהרות בבל“, — ביז וואַנען צו ר' יצחק אַבּרבנאל איז געקומען אַ מלאך אין חלום און געזאָגט: „לכו לפלניא“, הײסט עס „געהט אין פוילען“ — אַ מדינה אַזאַ, און דאָרטען זאָלט איהר זיך בעזעצען, בויען הײַזער, פלאַנצען גערטנער פאַרשפּרײטען ישיבות, — „עד אזכרכם“ — ביז וואַנען איך וועל זיך אויף אײך דערמאָהנען און ווײַזען אײך אַ נײַע וועג... און מיט שמחה זענען אַלע אַוועקגעגאַנגען אין פוילען... קײן אַנדערע צעטלעך, האָט מען נאָך פונ'ם הימעל אונז ניט געוואָרפען, און מען דאַרף זיצען אויף די ערטער... פערשטעהט זיך שווערע צײַטען, זעהר שווערע... איך לײקען דען עס אָב?.. אָבער אונזער גאַנצער כח, ליגט אין דעם „איבער־וואַרטען“. — געהט אַ גוס־רעגען, שטעל זיך אונטער אַ סטריחע, נישקשה דער רעגען וועט אויפהערען, און דו וועסט קומען אַ היים, — אַפרישינקער,

אַ טרוּקינקער... ווענִיג רעגענס האָבּען מיר געהאַט? אונטער ווענִיג בּטריחעס בּעהאַלטען זיך? פון דעססטווענגען געלויבּט איז גאָט נאָך אַל די פּאָקען און מאָז־ען, לעבּען מיר נאָך איצט אויך... וואָס איז די בּהלה?.. עפּעס ווי רער ווענ וואָס מיר זענען דורכגעגאַנגען וואָלט בּעשטאַנען פון לויטער מילך און האָניג?.. אינעווייניג דאַרפען מיר זיך האַלטען שטאַרק, נאָר אינעווייניג... ניִשקשה, איגנאַטיעוויקע וועט זיך אויך איינמאַטערן. לעקעך עסען, — ווערד אויך מיאוס"!

— אײַ, אײַ, „כּנסת ישראל שנשבּה בּין העכּו"ם"! אַ קלייניגקייט צו זאָגען אַזוי פיל וועלף און אַלע שצירען מיט די צייהן... — האָט אַ זאָג געטאָן פישעל דוואַרעצער, האַלטענדיג דעם קאָפּ, כּמעט, אויף די קניִען...

נאָר, פּלוצלום, זענען אַלע ענטשוויגען געוואָרען, דערהערענדיג הינטער זיך עפּעס אַ בּעקאַנטען קול:

— שבּתי־צבי'ניק, אָהן אַ היטעל; אונטער די געטשקעס... אַ היים, עוכר ישראל, ימח־שמו'ניק...

שנעל האָבּען אַלע אומגעקעהרט די פּנים'ער און דערזעהן קלמן'ען נעבּען מיקיטעס פענסטער... וואָס פאַר קונצען מאַכט ער עס דאָרטען?.. און יעקב־פּסח האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז קלמן מאַכט עס בּכיון אַנ'אָנשטעל, כּדי ער זאָל דער ערשטער אָנהויבּען מיט איהם צו רעדען... טאַקי מען דאַרף מאַכען מיט איהם אַ שלום... אַ רחמנות, — אַנ'עלטערער איד, ניט געקאָנט איינשטעהן דאָרטען נעבּען לייווע, דערזעהענדיג, ווי אַנ'עדה אידען, זיצען און שמועסען וועגען פערשידענע ענינים... ווילט זיך אייך צושטעלען אַנ'אויער, אַריינוואַרפען אַ וואָרט... ע, אידען דאַרפען זיין גוטע פריינד, און וואָס טאַקי איז ער שולדיג, וואָס מענדעלע, ניט איצט געדאַכט, איז דעמאָלט געבּליבּען אין הלשות?.. אַ אידענע, רק שנאה, קנאה און קריג... איין שטאָדט, — אַלטע בּעקאַנטע... אַ איד דאַרף זיך סטאַרען, אַלע מאָל דורכלאָזען דאָס ווייניגע... קלמן איז טאַקי עלטער אויך... געהט ימים־נוראים...

— גוט שבּת, קלמן... מיט וועמען פיהרסט דאָס דאָרטען אַ שקלא־וטריא?.. מיט מיקיטקען?.. חאַ־חאַ. נאָר יעקב־פּסח האָט בּעקומען אַנ'ענטפער אויף זיין „גוט־שבּת" פון צווייִ זייטען:

פון גוי'יצעלס הייזעל האָט עמיצער געשריען: — דאַכט זיך מיקיטע אַליין?

— וואָס דו וויל, סטאַרי חרען?.. טשאָרט בּאַרחאַן... וואָן פון דאַנען אַנטי־חריסט!..

און קלמן האָט גערופען מיט די פינגער, דאָס פּנים האָט געטוישט פערשידענע קאָלירען און געשריען:

— יעקב־פּסח, אהער, זעה, וואָס עס טוט זיך... אידען קומט, אדרבּא קוקט, זעהט צו וואָס מיר זענען דערגאַנגען... דעמאָלט נאָך

געוואָרען ברוגז, אַז איך האָב אויסגערעדט אַ וואָרט...

— וואָס איז ער דאָרטען חסר־דעה געוואָרען, דער אַלטער?.. און דער גאַנצער עולם מיט יעקב־פּסח'ן בראש, האָבען זיך אויפגעהויבען פון בענקלעך און אַוועקגעגאַנגען צו מיקיטעס פענסטער, — זעהן, וואָס טוט זיך דאָרטען, מיט וועמען פּאָחעט זיך קלמן מיט אַזאַ היץ... אַיי קלמן דער בדחן, — אַ פרעהליכער איד!

נאָר צוגעהענדיג נעהנטער צום פענסטער, זענען אַלע עפּעס געבליבען עובר־בטל'דיג פון דעם בילד, וואָס זיי האָבען דערזעהן... אַגאַפיע האָט געשפּיִלט גריזענע פאַר דעם פאָסטמייסטערס חזירים, גאַסטיע האָט אָבגעריבען גרעט, מיקיטע איז געלעגען אויפ'ן פּאָדלאָגע און אונטער די הייליגע בילדער, אונטער דעם קטורת פון דעם ברענענדען לעמפּעלע, איז געזעסען מענדעל אָהן אַ היטעל, דאָס פּנים ווייס ווי אַ מת, געקוקט, ווי אַגאַפיע האָט פלינק געאַרבייט מיט דעם מעסער און געשוויגען... אַגאַפיע האָט אויף איהם אַ וואָרף געטאָן אַ שאָלעכץ, זיין פּנים איז געוואָרען עפּעס פרעהליכער, די אויגען האָבען זיך פענאַנדערגעברענט... נאָר אויפהויבענדיג די אויגען אויף אַגאַפיען, האָט ער דערזעהן אַ גאַנצען בית־המדרש מיט אידען, און אין דער רגע איז יעקב־פּסח אַריינגעלאָפען, אָנגעחאַפּט איהם פאַר'ן קאָלנער און ניט רעדענדיג מיט קיינעם קיין וואָרט, אַרויסגעפיהרט איהם אויפ'ן גאַס...

— אַ, דערשראָקען, אַקרעסטים יעוואָ... מענטקע וועט זיין אונזערער, אָן חאָראָשי זשידאָק...

נאָר קיינער האָט מיקיטען ניט געענטפערט... אַ, רבונו־של־עולם, דאָס ביטערע חלול־השם...

— אין שטוב, — דאָרטען וועלען מיר זיך דורכשמועסען... הורג־נפש, דו ווייסט וואָס דו האָסט געטאָן?..

יעקב־פּסח מיט מענדלען, זענען אַריינגעגאַנגען אין שטוב...

אַרום איז געוואָרען אַ מין תהו־ובהו... די זון האָט ווי פריהער ליבליך געוואַרעמט און געלויכטען, נאָר דאָך איז עפּעס געוואָרען טרויעריג, ווי אין אַ וואַרעמען, ליכטיגען טאָג אויפ'ן בית־עולם... פון יעקב־פּסח'ס שטיבעל האָט זיך דערהערט אַ שטילער מרה־נפש'דיגער געוויין...

קלמן און אַלע אידען, האַלטענדיג זיך אַ האַנד אויף אַנ'אַקסעל, אַ האַנד אויף אַנ'אַקסעל, שאַרענדיג מיט די פיס דעם זאַמד און שטויב, ווי געהענדיג תשעה־באב פון בית־עולם אין זאָקען, זענען אַוועקגעגאַנגען שנעל אין שטאָדט, אין זעלדעס בית־המדרש צום תהלים, צו מנחה... זיי האָבען געאיילט דערצעהלען ביערעזאָווע, וואָס היינט האָט פּאַסירט נעבען אוליאַנקע מיט מענדעל יעקב־פּסח'ס, דער כזית...

## XIII.

זעלדעס בית-המדרש, איז איצט געווען געפאקט מיט אידען... שבת פריה-מארגען געהערט ער צו די נגידים און „פיינע בעלי-הבתים", — פון האלבען טאג אן, אבער, געהט ער אריבער אין דעם רשות פון גאנץ ביעראזאווע. זעלדעס בית-המדרש איז דער עלטסטער און דער גרעסטער פון אלע בתי-מדרשים... אין איהם ליגען די חברה-קדישא חפצים, דער שטאדט-פנקס; דא פרעגט מען אין די „קאנטאניסטען-צייטען" זאמלען דעם „נאבאר"; די נסתרים, וואס געהען אום איבער דער וועלט „מתקן-נשמות" זיין, האלטען דא אכסניא און די ביעראזאווער האבען ליב שבת ביי טאג צו זיצען אין זעלדעס בית-המדרש, אין דעם ארט, וואו איהר פערגאנגענ-הייט בינט זיך צונויף מיט דעם געגענווארט... מען שטאלצירט מיט איהם, — מיט זיינע אויסגעליאקירטע בענק, מיט זיין בעריהמטען ארון-קודש, וואס עפעס א בלינדער שניצער האט נעמאכט אויף דעם פראגער שניט; — מיט די אלטע אויסגעטינקעוועטע וועגד, אויף וועלכע עס שוועבט אום נאך אנ'אנדער מין קדושה, וואס איז נאהנט און ליב מעהר נישט דעם ביעראזאווער... שפאצירענדיג מיט צונויפגעלעגטע הענד אויף הינטער איבער דעם גרויסען ברייטען חדר-שני, וואס קאן אין זיך אריין-נעהמען א גאנצען בעל-מלאכה'שען מנין'דעל, דערמאהנט מען זיך אויף פיעל, פיעל זאכען.

דער אלטער רב, — ר' זיידעל — זאל ער האבען א ליכטיגען גן-עדן, — איי, איי ס'ער א קדוש וטהור... דערנסטמאל, פלוצלום געווארען איהם ניט גוט און איז נעבליבען ליגען אין בית-המדרש... פאר'ן טויט, — גאנץ ביעראזאווע איז נעבען בית-המדרש און ארום בית-המדרש... א קאלטע, פינסטערע כסליו-נאכט... א חורבן, א יללה!.. נחום-אהרן דער גביר איז צוגעגאנגען: „רבי, בענשט די שטאדט, בענשט דאס כלל-ישראל", — און קוים, קוים, שאקלענדיג מיט די פערשמאכטע ליפען, קוקענדיג דאס אויף דעם ספרים-אלמער, דאס אויף די אידען, האט ער געענטפערט:

— שלום זאל ביי אייך זיין!.. קינדער, האט ניט מורא פאר אייזערנע הערצער, לאכט זיך אויס פון שטיינערנע, מורא האבען זאלט איהר פאר בלוטיגע הערצער... איך וועל אייך דערצעהלען מעשה שהיה... — און יצאה נשמתו...

א, ס'ערע סודות, – וואס האט ער דענסטמאל געמיינט דערמיט צו זאגען? איפ'ן זכרון שוועבט ארויף דערוויל נאך עפעס און דער ביעראזאווער הויבט אן אומלויפען געשווינד הין און צוריק איבער'ן בית-המדרש, חאפט זיך פאר א ספר, לאזט ארויס דורך די צייהן אנגינה, זיפצט זיך אויס און, פיהלענדיג אז די וועלט שטעהט גאנץ שטארק, אז ער איז ניט קיין

בן־יחיד, אז ער איז צונויפגעבונדען מיט א לאנגע קעט, וואס האט ניט קיין אנהויב און קיין סוף, זעצט ער זיך צו אין מזרח וואנד מיט א צופרי־דענעם שמייכעל, און חאפט א ברעקעל דברים־בטלים אויך... איינגענע מענשען!

ווי אלע שבת אין דיזער צייט האט מען דא געזאגט תהלים מיט משה דעם איינאויגעדיגען שמיד פאר א חזן... משה האט ניט ליב צו מאכען אנ'אינטערעם אויף גיך, בקיצור; ער לאזט יעדעס מאל, כמעט, א האלבען קאפיטעל אויף אויסזינגען און די מלמדים, וואס זיצען אויף די גראבע גמרות, לאכען פון זיינע גרייזען, וואס ער מאכט אנ'אנדערש מאל... אנ'עם־הארץ, חאטש וואש איהם אויס דאס פנים און ווילט זיך נאך „בקול־רם"... אויפ'ן הרובע באנק איז געזעסען א האלב־דרעמלענדער עולם מיט פערשלאפענע אויגען, — וועג מענשען, בעלי־עגלות, קאמיסיאנערן — און געהערט, ווי זוסיע דער אלטער, אדער זוסיע דער בעל־מעשה, א שטאר־בלינדער איד, האט דערצעהלט פערשידענע מעשיות פון דער צייט, וואס „חזרה נבואה לישראל" — פון דער מחלוקת פון דעם רבי'ן מיט דעם גאון... א פנים ער האט אנגעהויבען תיכף נאך ווארמעס; איצט האט ער שוין געהאלטען ביי'ן סוף: — איז מען געקומען צו געהן צו ר' רפאל האמבורגער ער זאל זיך אונטערחותמ'נען אונטער דעם כתב, אז מיט דעם רבי'ן, טאר זיך קיין איד ניט מתחתן־זיין... ר' רפאל האט אבער געמאכט קולות מיט רגזה:

— מאלע וואס דער גאון — דער מלאך — האט זיך גע'חותמ'ט... קולען א אידען, קאן מעהר נישט גאט אליין, אבער ניט אמלאך... ברוך השם, גאנץ געווען שוין אידען געקולעט געווארען... און דער שקלאווער משומד האט זיך טאקי געמוזט אבטראגען מיט גאר נישט... איהר פערשטעהט: „קולען א אידען קאן מעהר נישט גאט אליין, אפילו ניט דורך א מלאך"... האט זוסיע דערצעהלט מיט נצחון און זיין צוקנייטשטער פנים האט געלויכטען פון שמחה, וואס ר' רפאל האמבורגער, האט זיך ניט געלאזט פערפיהרען ווי „אנדערע גדולים פון יענער משיח'ס צייט"...

די פראסטע אידען האבען געקוועטשט מיט די פלייצעס און נאך־געזאגט „א, אנ'איינפאל: גאט אליין און ניט א מלאך"... ווי אבגעטיילט פון אלע איבריגע אידען, עפעס ווי א מחוץ־למחנה'דיגער, איז געשטאנען נעבען דעם בימה־טיש, חנן דער משכיל, יודע בער דעם שניט קרעמערס מוזיניק... א הויכער א דארער בחור מיט א לאנגען האלז, ווי ביי א גאנער, ער האט געבלעטערט דעם רמב"ם און געטראכט גאר וועגען אנדערע זאכען.

בײַ איהם איז אַ מאָדנע אזאַ, אַלע מאָל, אַז ער קומט צוגעהן אין בית־המדרש, שלעפּט ער אַרויס פון ספרים־אַלמער, דעם רמב״ם... ער שטעהט אָנגעשפּאַרט מיט בײדע עלנבויגנס שטאַרק אויף איהם ווי ער וואָרט בײַ איהם בעטען הילף, צו בעשיצען פון די מלמדים׳שע ויכוחים... דער רמב״ם, פאַרט עפּעס אַנ׳אײגענער מענש „אונזערער אַ משכיל", געהערט ניט צו „זייער חברה", און ער שמײכעלט פאַר זיך, אָבער אַזוי, אַז אַלע זאָלען זעהן, כלומר׳שט, ווי ער וואָלט דאַרטען עפּעס געפונען אַ מיראַ׳דיגע נייעס... זאָל דער עולם מײנען, אַז ער איז אַ גרויסער בקי אין דעם רמב״ם און אין פילזוסופיא בכלל...

זלמן די „קורצע בײַקע" — אַ איד, וואָס לעבט פון דעם, וואָס ער פערדראָטעוועט צובראָכענע טעלער און פערקויפט סטרונעס פאַר די בעלי־הבתישע פידלען, — האָט זיך נאָך לאַנג, תכף נאָך דער חתונה צו׳גנט מיט דעם ווייב; איצט אַ רוהיגער מענש, — ער האָט ליב אַרײַנקוקען אין תנ״ך, אין אַ „השכלה־ביכעל" און זומער בײַ נאַכט, אַרײַנשפּרינגען צו חנן׳ען חאַפּען „אַנ׳עקל", אַנ׳אַנדער׳ש מאָל אַ גאַנצען פּאַפּיראָס, און אויסהערען, ווי דער רמב״ם, אַמאָל אין אַ מחלוקת מיט אריסטוטלוס׳ען, האָט אויסגעשריען: „דו ביזט אַנ׳עם־הארץ"! און אריסטוטלוס האָט געמוזט מאַכען אַ שווײַג...

די גאַנצע צײַט איז זלמן געשטאַנען נעבען די מלמדים, — בכלל האָט ער אַלע מאָל נעבען וועמען עס איז געדאַרפט שטעהן, — נאָר דערזעהענדיג חנן׳ען אײנזאַם נעבען בימה־טיש, האָט ער זיך אַוועקגעקײַקעלט צו איהם, אַרויסרופענדיג אַ געלעכטער בײַ עוזריאל דעם לץ...

— איהר זעהט ר׳ זלמן, דער רמב״ם זאָגט בפירוש. אַז „גיהנם" איז לגמרי אַנ׳אויסגעטראַכטע זאַך —...

נאָר אײדער ער האָט נאָך געענדיגט איז שוין צוגעלאָפען חיים שמואל דער אַדרעכען־שרײַבער און, שטעכענדיג, אויפ׳ן קול, אַרײַנגעלאָזען זיך מיט איהם אין אַ ויכוח וועגען „תורה־שבעל־פה", עס זאָל זײַן קורץ און שאַרף אָהן קונצען.

— ציי איך לײקען דען, אַז תורה־שבעל־פה איז געגעבען געוואָרען למשה מסיני? — האָט זיך חנן צושריען, — איך זאָג מעהר נישט, אַז אַלץ, יעדער זאַך, וואָס געפינט זיך אין דער תורה האָט אַ טעם, אַז אַלץ איז פשוט... נעהמט, אפילו, מצות שבכתב... פאַר וואָס, למשל, מוז מען פאַסטען יום־כפור?.. ניין! פאַר וואָס האָט נאָט געהייסען פאַסטען יום־כפור?.. פאַר וואָס?.. צוליב אונזער געזונד!.. די גרעסטע פּראָפעסאָרען ווײַזען אויף באותות ומופתים על־פי חכמת־מעדיצין, אַז אײן מאָל אין יאָהר

ניט עסען איז זעהר געזונד פאר דעם מענשליכען גוף... אז מיט דעם גופא, פערשטארקט מען זיך... און אויף דערויף שטעהט טאקי געשריבען: „וחי בהם" — אלץ צוליב דעם לעבען...—

רבותי, איהר הערט?.. יום־כפור איז אויך על־פי־חכמת הפראפעסארען... — האט חיים שמואל, אויסגעשריען, מיט א געלעכטער, אומקעהרענדיג זיך מיט'ן פנים צום מלמד'ישען טיש...

— וואס האסט זיך דארטען פענאנדערגעקלאטירעט מיט דעם משוגע'נעם בלא־דעה — האבען די מלמדים אנגעהויבען שרייען צו חיים־שמואל'ן, — געהערט א המצאה „על־פי־חכמת־מעדיצין"...

— גאט איז אומגעגאנגען צו אלע שבעים־אומות, אראבגעגאנגען אויפ'ן בארג־סיני, כמעט, „למטה מעשרה טפחים", פערשפרייט אונז אויף אלע שבע ימים — אין גלות, געגעבען אונז א תורה, — דהיינו, צוליב וואס?.. צוליב א רפואה, אנשטאט גרינע פילען זאל עס זיין... אוי קיזוניע, קיזוניע, ווער בעסער ענטשוויגען, צרה'דיגער שלאק, — מען וועט דאך באלד נאכלויפען נאך דיר אין די גאסען און טייטלען מיט די פינגער... לגמרי פון זינען אראב... יום־כפור איז געגעבען געווארען לשם־אפעטיט... א געזאלצענע זאך פאר'ן עסען... און דו חיים־שמואל דארפסט איהם ענטפערן ...

דאס האט געשריען געצעל דער זעקס־פינגערדיגער מלמד און פון אלע טישען, אפילו די קונדסים האבען איהם אויך אונטערגעהאלפען, לאכענדיג, און געווארפען האנדטוכער אויף חנן'ען.

יודעל דער שמש, א איד וואס קלויבט פון אלץ הנאה, האט זיך בשום־אופן ניט געקאנט בערוהיגען:

— חע, חע, אוי איך פלאץ פון געלעכטער: „על־פי־שכל איז די תורה מיט אלע מצות...— גרינע פילען"... חע־חע... אברהם'ציע דער יונגער בעל קריאה איז צוגעגאנגען צו חנן'ן, כלומר'שט אראבגענומען דאס היטעל: — א גוט־שבת פאניע פראפעסאר!.. יאק מאיעטיע?.. בעת דעם טאטען ער זאל דיך אוועקשיקען אויף קהל'שע הוצאות צו די „סבא דבי אתונא"... יאק זשע?.. פאן פראפעסאר!..

די קונדסים האבען זיך צושטעלט ציילען־וויין ארום טיש, ווי שמיני־עצרת צו די נדרים און געפאטשט מיט די הענד.

— חאנקע דער פראפעסאר!.. חאנקע דער פראפעסאר, לאמטאיי, דא־דע־רע־דע־דאיי. בראווא. אורא!... חנן איז געווארען רויט, ווי ער וואלט זיך בעגעגענען אויג אויף אויג מיט אמעדעל און, שטאמלענדיג, גענומען פערענטפערן זיך: — רעדען לשון־הרע איז קיין קונץ ניט... צי איך האב געזאגט, אז די תורה איז די זעלביגע זאך, וואס חכמת־מעדיצין? איך

דאָב געזאָגט... איך האָב... ניט דאָס האָב איך געמיינט... איך האָב נאָר געמײנט...

נאָר דער טאַטע — יודע בער דער שניט־קרעמער, אַ בעוואוסטער בעל אין שנעון, וואָס איז די גאַנצע צייט געזעסען געבען אַ ספר האָט אייך ערהויבען די ספּאַקולען אויפ'ן שטערן און איז מיט גרים־צאָרען צוגעלאָפען צו חנן'ען :— משיח השקר, שטומען זאָלסטו מיר... שוין אַרויס פון בית־המדרש... די רגע וועל איך פון דיר מאַכען כעפרא דארעא... דאָס ציינגעל הויבט זיך נאָך ביי דיר ענטפערן?.. אַ מיתה־משונה אויף דיר, אפיקורס!

און האָט אָנגעכאַפּט דעם צוטומעלטען חנן'ען פאַר'ן קאָלנער פון סוויטקע, אַרויסצושטופּען איהם פון בית־המדרש „דעם מנוול"... די חברה־תהלים מיט משה דעם שמיר זענען געוואָרען ברוגז, וואָס מען שטערט זיי צו לויבען דעם אויבערשטען:

— איין געשעפּט יום־טוב און שבת, אַלע מאָל איין עסק מיט חנן'קען. זאָל זיין גרינגע פּילען, זאָל זיין ניט גרינגע פּילען... וועמענס דאגה איז עס? טאָמער איז פאַראַנען אַ רוהיגע רגע לאָזען זיי איהם אויך ניט אויסניצען... רק באַטאַליעס. און משה דער איין אויגענדיגער, וואָס האָט געמוזט איבעררייסען זיין חזנות אין מיטען פסוק איז געוואָרען מלא־רציחה:

— ווי דער אמת ר' יודע בער, איהר ווילט מוסר'ן אייער יורש־עצר — געהט אהיים און פּאַטשט איהם דאָרטען. איין טאָג אין וואָך — שבת, איז אויך ניטאָ קיין רוה. ווי איהר זעהט מיך לעבען, ר' יודע בער, אַ חרפּה, אַ בזיון...

יודע בער דער שניט־קרעמער, האָט אָבגעלאָזען זיין „יורש־עצר" און געבליבען שטעהן עפּעס אָבהענגדיג... ס'טייטש „די בלינדע קאָוואַדלע" —משה דער שמיר—וועט איהם זאָגען דעות, וועט גאָר האָבען די העזה...

און ווער ווייס מיט וואָס עס וואָלט זיך ענדיגען היינט אין זעלדעם בית־המדרש, אויב, פלוצלום, וואָלטען ניט אַריינגעלאָפען די אידען, וואָס האָבען געשפּאַצירט נעבען דעם אוליאַנקע, מיט קלמן דעם בדחן, און אוטוז נאָך זיי אידען „זומערדיג" געקליידעט — ביז מנחה געלופטערט זיך אויפ'ן בית־המדרש־הויף: נאָהנטע שכנים — און אין בית־המדרש איז געוואָרען טויט־שטיל... וואָס לויפט מען דאָס? צי ניט שלמה דער ישיש — אונז אַלעמען צו לאַנגע יאָהר?

— ברוך דין אמת, שלמה דער ישיש? — האָבען זיך דערהערט קולות פון אַלע זייטען.

— ישיש — פּשיש... געכאַפּט יעקב־פּסח דעם כזית בן'אָקעל צלם'ען זיך ביי מיקיטען...

— וואָס צלם'ען זיך, אפילו די אָבגעטעטער גענקושט — האָט איבער־געשלאָגען שפּעפּעל דער בעל־עגלה, און מיט יעדער רגע איז די „נעבעך די אוליאַנקע'דיגע נבלה" געוואָרען אַלץ גרעסער און גרעסער. דער עולם, האָט צוגעמאַכט די גמרות, געלאָזען די תּהלים'ס, פון דעם ווייבערשען מנין זענען אַרויסגעקראָכען די „עוברים ושבים" און אַלע האָבען זיך צושטעלט אַרום בימה: יודע בער דער שניט־קרעמער נעבען משה דעם שמיד, חנן דער משכיל נעבען געצעל דעם זעקס־פינגערדיגען מלמד. איין געפיהל האָט בעהערשט אַלעמענס הערצער... — קאָן דאָס זיין?.. נאָר אידען טיט בערד וועלען ניט זאָגען ליגען... געקושט די אָבגעטעטער... גע„מאָליעט" זיך...

איי, איי... אפילו חנן קאָן אויך צו זיך ניט קומען, פון אימה... אַ משומד אין ביערעזאָווע, רבונו־של־עולם, וואָס איז דאָ? ניטאָ קיין ווערטער... מיט אַ משכיל קאָן מען זיך מתוכח זיין... אָבער שמד... ניין עס קאָן ניט זיין, —אַ טעות!

משה דער שמיד האָט אָבגעהאַקט דאָס שטיל־שוויינעניש.

— און וואָס זאָגט יעקב־פּסח?.. אויך געזען דערביי, מיט די אייגענע אויגען געזעהן?.. —

— וואָס זאָל ער זאָגען?.. ברוך־השם אַ פינסטערער טאַטע... שלעפט איהם אין שטוב און דער מיטים — אויסגע'עקר'ט זאָל ער ווערן, — שרייט: „איך וועל ניט געהן... לאָז מיך... לאָ־אָז מיך... ביי מיקיטען אויף קעסט וועל איך בלייבען... אַ גלח וויל איך ווערן... לאָ־אָז מיך"... יעקב־פּסח קלאָגט, וויינט.

מעהר אַז אָט די עטליכע ווערטער פון קלמן'ען האָט מען ניט געדאַרפט... תיכף איז מען זיך פונאַנדערגעגאַנגען אין די ווינקעלעך, אויף די ערטער... קאָן מען דען זאָגען תהלים, קוקען אין אַ ספר, רוהיג שמועסען, אין דער צייט וואָס דריי טריט פון דיר — נעבען אוריאַנקע, האַלט אַ איד ביים שמד'ן זיך?.. דער שמש, פיהלענדיג די אַלגעמיינע שטימונג, האָט געגעבען אַ קלאַפּ: „מנחה"! טאַקי מען מוז דאַוונען וואָס פריהער, גיכער אָבריכטען שלש־סעודות און ווער עס וועט אַריינשפּרינגען צום רב דורכשמועסען זיך וועגען אַזאַ כלל־צרה, ווער עס וועט זיך אַוועק־לאָזען צום אוליאַנקע אויפ'ן אָרט, אַקוראַט דערגעהן דעם אמת... עס גלויבט זיך עפּעס פאָרט ניט... מען דאַוונט, אָבער די תפילות קריכען עפּעס אין האַלז ניט... אַ קלייניגקייט צו זאָגען: „וואָס פעהלט נאָך? שמד'ן זיך גאָר"...

די זון איז אונטערגעשפּרונגען, ווי אַ מיאָטלע איבער די פערשידענפאַרביגע גלעזלעך פון די קאָלירטע שויבען, וואָלט איהר גאָר אַ ריהר טאָן דאָס

גרויסע אינגליק... וואָס ווייס זי די הימעל־בריאה, וואָס עס טוט זיך אויף דער ערד? — משה דער שמיד האָט היינט אויך ניט געפּראַוועט קיין חונות, ניט די צייט, מען דאַרף „ווי עס איז" אָבראַוונען... און ביערָאָזאָווע, — האָט זיך שטאַרק, שטאַרק פערטראַכט...

---

# XIV.

מיט אַ יאָהר אַכט צוריק איז אויף אַ ווינטערדיגען יריד — אויף „מיקאָלע" — געקומען צו פאָהרען צו יעקב־פּסח'ן אַנ'אורח — דער פעטער אייזיק, אַ הויכער איד מיט בלויע ספּאָקולען, אַ פּאַקען־טרעגער און איז געבליבען אין ביערָאָזאָווע איבער שבת... פרייטאָג צו נאַכט, צווישען פיש און יויך, האָט ער עפּעס דערצעהלט אַ שרעקליכע געשיכטע וועגען אַ מאָהליווער גביר, אין וועלכען, פּלוצלום, פּסח צום סדר איז אַריינגעפאַלען — ניט פאַר קיין אידען געדאַכט, — אַ רוח־שטות, און פאַר „שפוך־חמתך" איז ער אַרויסגעלאָפען אויפ'ן גאַס, געחאַפּט אַ גוי'ישען פוהרמאַן, אוועקגעפאָהרען צום „אַלחערייִ" און אָבגעשמד'ט זיך... די קינדער האָבען געוואָלט אָבגעבען דעם „אַלחעריי" אַלע טויערן מיט דעם גאַנצען פערמעגען, נאָר עס האָט גאָר ניט געהאָלפען: דער גובערנאַטאָר — אַ צורר — האָט זיך אַריינגעמישט אין דעם עסק און דער אַלטער משומד, האָט זיך אַוועקגע־לאָזען ערגעץ אין אַ מאָנאַסטיר און מען דערצעהלט, אַז די „קליפּה" איז אין איהם אַריין אַזוי שטאַרק, אַז פאַר'ן טויט, האָט ער געבעטען: מען זאָל צוקלאַפּען צום מאָנאַסטיר אַ לאַנגע ברעט און אויף דעם ברעט זאָל זיין אָנגעשריבען אויף לשון־הקודש מיט געכתיבה'טע אותיות:

— „זה השער לאדני, צדיקים יבואו בו"... „פּתחו שערים ויבא גוי צדיק שומר אמונים"... „אל תירא עבדי יעקב"... מענדעל איז דאַמאָלס געזעסען נעבען דעם פעטער אייזיק'ען, און מיט אימה צוגעהערט זיך... ער האָט זיך פאָרגעשטעלט אַנ'אַלטען נבירות'ען אידען מיט אַ לאַנגען גרויען באָרד, אין אַ זיידענע זופּעצע, ווי ער ליגט אָנגעלעהנט אויף דעם הסיבה־בעט, לויבט דעם אויבערשטען פאַר „גאולת־מצרים". דער שטן אָבער איז זיך מתקנא אָן איהם און אָט אין אַ רגע אַרום שטעהט ער שוין אין קלויסטער... ביי נאַכט, אין קלויסטער איז פינסטער, — ברענען וועקסענע ליכט, שרים אויף יעדער טריט, — איי־איי־איי... פון שרעק האָט ער ניט געקאָנט עסען און, שלאָפענדיג מיט דעם טאַטען, האָט ער איהם אַ גאַנצע נאַכט געהאַלטען פעסט, אַרומגענומען, מורא־האָבענדיג, דער שטן זאָל ניט קומען צו איהם, און ווי דעם „מאָהליווער גביר", אויך אַוועק־

שלעפען אין קלויסטער... אנשטאט א שמירה האט ער געמורמעלט מיט די ליפען: „נוצרי, מסור, דאס גאנצע אידישע בלוט, וואס דו האסט פערגאסען און וואס דורך דיר איז פערגאסען געוואָרען אין אלע צייטען אין אלע דורות, זאָל פאלען אויף דיין קאָפ און אויף דיין מוטערס קאָפ".

דער טאטע האט זיך אנידערגעזעצט, טיף אריינגעקוקט איהם אין די אויגען און געפרעגט:

— מיין זוהן, דו רעדסט עס פון שלאָף?.. זאָג „שמע־ישראל ד' אלהינו, ד' אחד"... זאָג דריי מאָל נאָך אנאנד... ער האט א רייב געטאָן די הענד אָן וואנד, אָבגעזאָגט „שמע־ישראל" און איז אנטשלאָפען געוואָרען...

אָט די מעשה פון די קינדער־יאָהרען האט זיך מענדעל דערמאָהנט פיאטניצע ביי טאָג נעבען דער אוליאנקע אז ער האט זיך אויפגעחאפט פון זיין דרעמעל... די פראָצעסיע איז שוין לאנג אוועקגעגאנגען אין שטאָדט צו די געוועהנליבע יריד־אינטערעסען, און מעהר נישט ווי מענדעל'ן מיט זיינע צוריסענע בגדים, האט זי דאָ איבערגעלאָזען אלס א זכר... די פליטען האט מען ווידער צוגערוקט צום ברעג, און בראָטענדיג עפעס אויף א פייער, האָבען די גוים אָנגעוויזען איינע די אנדערע אויף מענדעלען, וואס איז געזעסען פערטראכט. איינער האט זיך געפרובט טרעפען איהם מיט א קעפעל פון א הערינג, נאָר דאס קעפעל איז געפאלען אָן אזייט און מענדעלס רעיונות ניט צושטערט... דער „אלטער משומד" פון מאָהליוו איז איהם פון זינען ניט ארויס... „וואס איז דאס געווען פאר א איד"?.. „פאר וואס האט ער זיך געשמד'ט"?.. ער האט געקושט דעם „שתי־וערב" און אין אלע תפלות, האט מען געקלונגען אין די גלאָקען... אפשר האט ער אויך געוואָלט אראָבברענגען משיח'ן ווי שבתי־צבי און יוסף די־לו־ריינה?.. פאר וואס איז שבתי־צבי געוואָרען א משומד?.. אויב זייער „נאמנה" איז דורך שקר, פאר וואס שווייגט דער אויבערשטער?.. פערצייטען איז ביי זיי גאָר קיין גלאָקען ניט געוועזען, דאס האט מען אויסגעטראכט אין שפאניען, כדי צו פערהוקען די ביטערע קולות פון די אידען, וואס זענען אומגעקומען „על קידוש־השם" און תליות, צלמים, האט מען צושטעלט אויף אלע וועגען, כדי מתרה זיין אלע אידען, אז אלע טאָג קאָן מען זיי הענגען, — אלע נאכט נאָך קריאת־שמע דארף מען זאָגען וידוי...

נאָר פאר וואס איז די גאנצע וועלט געגען אידען?.. אז די מצרים, האָבען זיך געטרונקען אין ים און משה־רבינו האט אָנגעהויבען צו זאָגען שירה, האט איהם גאָט אָבגעשטעלט: — ס'טייטש מעשה ידי טיבעים בים ואתה אומר שירה? — מיינע קינדער טרינקען זיך, און דו זינגסט?.. —

אָט הײַנט האָט מען זיך וועניג נוקם געווען אָן איהם?..
ווי גזלנים געצופּט, געריסען, — און מענדעלע'ן האָט זיך פערוואָלט, אויעקשוועבען ערגעץ ווײַט, ווײַט, אַלץ דערוויסען זיך, דערגעהן ביז אַ ברעקל...

אַגאַפּיע איז געשטאַנען פון איין זײַט, דער „מאָהליוועער גביר" פון דער אַנדערער זײַט און מענדעל האָט זיך גאָר ניט געשראָקען, די געדאַנקען האָט ער געראָזען פרײַ, ניט אָבהאַקענדיג זיי אין מיטען, ווי פריהער...

אין איין רגע איז ער עפּעס געוואָרען אָבגעזונדערט פון גאַנץ ביעראָזאָויע, פון דעם טאַטען מיט דער מאַמען און, פיהלענדיג, אַז ער געהט אַרײַן עפּעס אין אַ נײַער, אונבעקאַנטער וועלט, וואו אַלץ איז ניט דאָס, וואָס ער האָט געוואוּסט ביז איצט, — אַז ער וואַקסט, וואַקסט, האָט זיך איהם ניט געוואָלט געהן אַ היים... צו וועמען?.. וואָס וועט ער דאָרטען טאָן?.. ער האָט זיך אײַנגעהילט טיף אין די גראָז און, קוקענדיג אויף דעם הימעל, — אויף דער פּאָדלאָגע פון דעם רבונו־של־עולם מיט אַלע מלאכים, — האָט ער זיך דערמאָהנט אויף דעם פויער'ס רעד: „באָח אָדין, מילקאָ וויעראַ דרוגאַיאַ" —... „גאָט איז בײַ אַלעמען איינער"...
אָט בײַ אונז אויך ווער עס דינט איהם „מתוך אהבה", ווער „מתוך יראה", ווער „מתוך שמחה", — אַ ווי גוט וואָלט געווען, אַז דער „מאָהליוועער גביר" וואָלט געלעבט און וואָלט דאָ איצט געווען, — מיט איהם וואָלט ער זיך וועגען אַלץ געקאָנט דורכשמועסען, און עפּעס אַ וואַרעמע ליעבע האָט געשפּראָצט פון אַלע זײַנע גלידער, צו דעם אונבעקאַנטען אידען, צו דעם „מאָהליוועער משומד"... די בעסטע זאַך אַלץ דערצעהלען אַגאַפיען, שטילערהייד אונטערמשיקעווען איהר... זי וועט פערשטעהן!.. די אַמאָליגע תאוות, ציגדען זיך אָן נאָך שטאַרקער, עס פעהלען אָבער די פערצײַטיגע חרטות, די הרהור־תשובות, גאָר אַנ'אַנדער מענש: אוים מורא!.. אַלץ וואָס ער טוט איז שעהן און גוט... וואָס איז אַזוינס עבירות, זינד?..

מיט אָט די געדאַנקען און שטימונגען איז מענדעל אָבגעזעסען געבען דער אוליאַנקע, כמעט, ביז פאַר נאַכט... ווי לאַנג דאַכט זיך איז עס געווען, אַז ער האָט געציטערט ווי אַ בלאַט, — איבער קלמן דעם ברח'ן'ס פלוידערײַ אין חלשות געבליבען?.. נאָר מענדעל'ען דאַכט, אַז דאָס האָט געטראָפען מיט יאָהרען צוריק, און הײַנט, אויב מען זאָל בײַ איהם פרעגען וועט ער אַלץ דערצעהלען, און ניט נאָר וועגען אַגאַפיען, — ער וועט אויך דערצעהלען וועגען דעם גרויסען סוד, וואָס איהם האָט זיך הײַנט ענטדעקט, אַז גוים זענען אויך מענטשען, אַז בײַ אַלע מענשען איז איין גאָט... יאָ ער וועט עס זאָגען ניט נאָר דעם טאַטען, נאָר, אפילו אין

בית־המדרש... ער ווייס ניט ווי אַזוי ער האָט פערלאָרען די געוועהנליכע חרפה און בושה, — אין גאַנצען אָנגעוואָרען דעם בעגריף פון „מען טאָר ניט“, אפילו חזיר וועט ער אויך עסען, טראָגען אום שבת... זונטאָג אַרייַנגעהן אין קלויסטער, אַ קוק טאָן וואָס טוט זיך דאָרטען... געהן אין איינעם מיט אַגאַפּיען, — וועט קיינער זיך ניט בינדען...

אַביסעל פאַרנאַכטליך, בשעת, אין די געוועהנליכע פרייַטאָג׳ס, געהען איצט די בעלי־מלאכות אין באָד, און די טלמדים פון באָד, — איז מענדעל אַוועקגעגאַנגען אַהיים... אַרומקוקענדיג זייַנע מלבושים און, פיהלענדיג ווי דער הוילער קאָפּ ברענט עפּעס, האָט ער בעשלאָסען בעסער אַריינשפּרינגען דורך דאָס קאַמערדינע פענסטער איידער געהן דורכ׳ן טיר... די שיכור׳ע גוים, וואָס זענען געלעגען אויסגעצויגען אויפ׳ן פאָדלאָגע, דערזעהענדיג, אַז עמיצער איז אַרייַנגעשפּרונגען אין קאַמער, האָבען אָנגעהויבען צו שרייַען: „זלאָדיע, זלאָדיע“, נאָר תיכף זענען זיי ווידער אַנידערגעפאַלען איינע אויף די אַנדערע, און מענדעל האָט זיך אַרויפגעכאַפּט אויפ׳ן בעט. ליגענדיג האָט ער געהערט, ווי אַ גוי האָט זיך געבעטען נאָך איין „טשאַרעטשקע“ פערקויפען, נאָר די מאַמע האָט געשריען:

— נו טראָשקאַ... אוּ נאַס טאָזשע סאָבאָטאַ, טרעבאַ ליבט־בענשען... דאָשי׳ץ פּראָדאַוואַטש...

די גוים געהען זיך פּענאַנדער... מען רייניגט די שטוב... פייגעל שטעלט אָן דעם סאַמאָוואַר...

— וואו איז דער אינגעל הייַנט אַ גאַנצען טאָג?.. פון אין דער פריה אָן, אפילו זייַן פּנים ניט געזעהן — זאָגט די מאַמע... נאָר פייגעל, זענענדיג אין כעס פון מאַטקייַט, בערוהיגט זי, ווי געוועהנליך מיט קרימעניש:

— ווייַן ניט, וויין ניט. אָן ליגט ער אויפ׳ן בעט... רוהט אָב דער גראַף... גיב מיר אַ שוועבעלע; צינדט זיך ניט אָן!.. — מענדלען איז געוואָרען מיאוס צו ליגען, מאַכען לבן׳שע שטיק, ער איז אויפגעשטאַנען און אַרייַן אין שטוב.

— ווער האָט דאָס דיך אַרומגעריסען?.. וואו איז דייַן היטעל?.. — האָבען זיך אַלע אַרויפגעוואָרפען אויף איהם.

נאָר אָנשטאָט זייַן ענטפער, האָט שרה אויסגעשריען, וואַרפענדיג זיך מיט די הענד אויף אַלעמען:

— אוי אַ בראָך צו ווייערע קעפּ... העלפט מיר זובען, — אפשר האָט מען נאָך עפּעס גע׳גנב׳ט?..

און ביי אַלעמען איז געבליבען, אַז בשעת מענדעל האָט געשלאָפען,

האָט מען איהם אַראָבגעצויגען דאָס היטעל פון קאָפּ און — די טרפה'נע בלומען, — רוצחים — צושניטען דאָס בגד'ל אויף צו־להכעים...

אויף אַ ווײַלע האָט מענדלען אויך געדאַכט, אַז דאָס האָט מען איהם בע'גנב'הט, — אַז דער גאַנצער היינטיגער טאָג איז מעהר נישט אַ חלום...

יעקב־פּסח האָט אָנגעטאָן דאָס סאַמעטענע היטעל און איהם אָבגעגעבען די יאַרמאָלקע:

— אַך אַ מפּלה זאָל אויף זיי קומען... גילוי ראש, טוזה אָן מײַן זהן די יאַרמאָלקע... בקיצור שבת צו־נאַכט קויפען אַ היטעלע...—מענדעל האָט זיך דערמאָהנט אויף די קללות מיט וועלכע די מאַמע האָט געשאָלטען, דענסטמאָל שבת, מיקיטען פאַר די, כלומר'שט גע'גנבה'טע פּיש און חלות, און ער האָט זיך אָבגעקעהרט אָן אַ זײַט פון בזיון...

— זאָגען זיי אַז דאָס איז אַרץ אַ ליגען, — וואָס גנבים, ווען גנבים?..

אויסזאָגען זיי דעם גאַנצען אמת... נאָר עס הויבט זיך עפּעס די צונג ניט און מענדעל איז גאָר ענטשוויגען געוואָרען, ווי פערשטומט... צו וועטשערע איז ער געזעסען אין דער יאַרמולקע ווי אַנ'אורח, און עפּעס ווי אַ זײַטיגער מענש, צוגעהערט זיך צו די יריד־מעשיות.

— אַז מען איז געגאַנגען צוריק פון דער טומאה, לויפט צו, צו מיר אַ גוי; „נאַ שרה'נקע, טפּיליאַנקע נאַשאָל... דאַי טשאַרקו"... אַ ישוב'ניק מסתמא פערלאָרען... געגעבען איהם אַביסעל פּעך און גענומען ביי איהם אַ „של־יד"... אַ, די פינסטערע ווינד, צוטרעטען מיט די פיס, גאָר ניט צו דערקאָנען, אַז עס איז אַמאָל געווען תפילין... — האָט שרה דערצעהלט, גרויסענדיג זיך מיט איהר מצוה, אויפגעשטאַנען פון טיש, צוגעלאָפען צום קאַמאָר, אַרויסגעשלעפּט פון דאָרטען אַ צושפּאָלטענעם „בית", פון וועלכען די פּרשיות האָבען אַרויסגעשטאַרצט, ווי די געדערים פון אַ צופּאַלמעסטען „קדוש" און יעדער האָט זיך צוגעריהרט מיט'ן האַנד, זענענדיג צופרידען פון דער מצוה.

די גאַנצע פּראָצעסיע מיט אַלע אייגצעלהײַטען, האָבען זיך אַוועקגע־שטעלט פאַר מענדעלס אויגען, נאָר ער האָט געשוויגען, אויף אַ רגע געוואָרען סומנע אויפ'ן האַרצען, נאָר תיכף אומגעקעהרט זיך צוריק צו זײַנע מחשבות.

— וואָס האָסטו זיך פער'חורבן'ט?.. עשו אין שטוב — דאַרף מען זײַן באַרזיכטיג... הקיצור... נו גאַנץ זײַן!.. האָט זיך אָבגערופען יעקב־פּסח, מיינענדיג, אַז מענדעל איז געפאַלען בײַ זיך, איבער דער „גניבה".. דער צו'מסית'טער „של־יד", האָט געקוקט עפּעס ברוגז'דיג אויף מענדעלען... נעריוכט איז גאָט אָבגעגעסען וועטשערע, צומאַטערטע האָט מען זיך געלעגט שלאָפען, און אין זײַן גאַנצען לעבען, האָט מענדעל דאָס ערשטע מאָל, דערפיהלט דעם חיות פון זײַן מיט זיך אַליין

אָהן עדות... שווער געווען איינצושלאָפען, דער „מאָהליווער משומד“ איז ווידער געקומען, אַנאַפּיע האָט נאָך ניט געפּרובט אוועקגעהן, ער האָט געוואָלט געפינען אַ מיטעל אויף איינשלאָפען, — אין „קריאת־שמע“, האָט ער שוין מעהר ניט געגלויבט...

— קאָן דאָס זיין, אַז זייער גאָט, איז מעהר נישט אַ ברעטעל, אַ שטיק האָלץ, וויבאַלד מיליאָנען מענשען בוקען זיך צו איהם?..—האָט איהם רוהען ניט געלאָזען איין געדאַנק... אַלע ווערטער האָבען זיך אויסגענומען און ער האָט געשוויגען, בשעת פריה־מאָרגענדיגע ציקאָריע, געשוויגען צו וואַרמעס און געשוויגען צו'ם בענשען...

— געוואַלד מיין זוהן. זאָל זיין גענוג צו טלייען דאָס האַרץ... גאָט האָט צוגעשיקט אויף דיין חלק. האָב רחמנות,—האָט זיך שרה געבעטען ביי איהם און מיט יעדען וואָרט האָט זי איהם געשניטען דאָס האַרץ... וואָס ווילען זיי?.. ווער בעט ביי זיי היטלען מיט בגדים?..— און אַז שרה, זיצענדיג אויף די בערוועגעס מיט יעקב־פסח'ן, האָט ווידער אָנגעהויבען שעלטען די גוים פאַר דער „גנבה“, האָט ער עס שוין מעהר ניט געקאָנט אַריבערטראָגען און איז דורכ'ן פענסטער אַנטלאָפען צו מיקיטען... דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס ער איז אַריינגעגאַנגען צום גוי'צעל זייט די מאַמע האָט איהם מיט צעהן יאָהר צוריק פערבאָטען אויף „חיות ונזכר“, אַריבערטרעטען מיקיטעס „שוועל“. דאָס האַרץ האָט עפּעס געציטערט און ביי מיקיטען איז מען אויך עפּעס ערשטוינט געוואָרען, זעהענדיג איהם ביי זיך אָהן אַ היטעל... ער שטעהט נעבען אַנאַפּיען און, כדי אָנריהרען זיך אָן איהר, איז ער צוגעגאַנגען צו די איקאָנעס... אַלע האָבען איהם פריינדליך געבעטען זיצען, אפילו מורזיק האָט זיך אויך געלאַסטשעט צו איהם:

— דאָס איז דער קיסר? — האָט געפרעגט מענדעל, קוקענדיג אויף אַ בילד פון אַ הויכען יונגען מאַן, מיט לאַנגע האָר.

— ע, דוריען... דאָס איז אונזער גאָט... חריסטאָס!..— האָט איהם געענטפערט מיקיטע, און פון מענדעל'ס שאלות איז גלייך געוואָרען אַ תל... ער איז געוואָרען אין כעס אויף זיך אַליין... אַ גאָט אויף אַ פּאָרטרעט... וואָס איז ער אַ כלה?.. אַ כלה שיקט צו נאָך די תנאים איהר פּאָרטרעט... ע, מיקיטקע אַ נאַרישער גוי, באַלבעט, און אַנשטאַט שמועסען מיט מיקיטען, האָט זיך איהם געוואָלט אַלץ פענאַנדערפרעגען ביי אַנאַפּיען... ער האָט זיך געפיהלט עפּעס ניט היימליך, נעכטען נעבען דעם אוליאַנקע, זענען די געדאַנקען עפּעס געווען קלעהרער, — ער האָט געטראַכט אָהן מורא... זענענדיג פערטיפט אין זיך, האָט ער ניט געהערט דעם טומעל פון די אירען. וואָס זענען געזעסען עטליכע טריט פון איהם,

אפילו קלמנ'ס קולות, האבען איהם ניט אויפגעוואכט ... נאר אט האט ער דערפיהלט אויף זיך, עפעס א פייכטע זאך, — א, אגאפיע! — עמיצער האט איהם געשטופט צוגעהן צו אגאפיען, שטארק, שטארק אנקושען איהר, נאר ... וואס איז דאס?.. יעקב־פסח האלט איהם פאר'ן קאלנער, — אידען שטעהען ארום...

— קלויב נחת פון דיין בן־יחיד, געפונען איהם ביי דעם גוי אהן א היטעל, — האט יעקב־פסח אויסגעשריען, צושטופענדיג איהם צו'ם בעט, אויף וועלכען שרה איז געלעגען מיט א „צאינה וראינה" ...

— וואס רעדסטו?.. וואס, אהן א היטעל ביי דעם גוי?..

— וואס רעד איך?.. וואס דו הערסט... דיין תכשיט!..

שרה האט זיך פענאנדערגעוויינט, פון דעם וואס רק מען בינדט זיך צו דעם אינגעל...

— יעקב־פסח! אדער מיר א טויט, אדער דיר א טויט ... זאג מיר וואס ביזטו איהם מקצר די יאהרען... —יעקב־פסח איז געווארען נאך מעהר אויפגערעגט; ער האט אנגעהויבען אום שבת טופען מיט די פיס:

— נעהמט אלע איין א מיתה־משונה ... טוה אהן די יארמולקע!.. זאג מיר: וואס האסטו געטאן ביים גוי?

מענדעל איז פאר דער צייט געקומען צו זיך. ער האט רוהיג אנגעטאן די יארמולקע און קאלט־בלוטיג געענטפערט:

— וואס האב איך געטאן?.. גאר נישט!.. גוים זענען קיין מענשען ניט?.. צו זיי טאר מען דען ניט אריינגעהן?..

— וואַ־וואס?..

דאס הייזעל האט א ציטער געטאן; די ווענד האבען נאך קיינמאל אזא ענטפער ניט געהערט... שרה מיט יעקב־פסח'ן האבען זיך דערווייטערט איינער פון דעם אנדערן, און די אויגען זייערע האבען אויסגעדריקט איין געדאנק:

— יא דאס אינגעל איז ווייט, צו ווייט פערקראכען... מיט אזעלכע זאכען שפילט מען ניט... בעסער מאכען זיך אויף א רגע, אז מען פערשטעהט ניט וואס ער רעדט... דא דארף מען זיך בעגעהן מיט גוטען, און ניט מיט רוגזה...

שרה'ן האט זיך געוואלט וויינען, נאר זי האט זיך געשטארקט... א ביטערע מאמע, דער גאנצער חיב איז זי... עס רופט זיך אב, — ניט אויסגעזאגט דעמאלט יעקב־פסח'ן, אז מענדעל האט זיך געצלמ'ט, נאכגעמאכט מיקיטען... יעקב־פסח איז געבליבען דאווענען מנחה אין דער־היים — אפשר דאס ערשטע שבת אין זיין לעבען? — ער האט געוואוסט, אז מיט איהם קאכט איצט ביי־ראזאווע, אז ער איז פול אין אלע מיילער...

אזא ענין קאָן מען ניט שטעלען אויף זיך אַליין,—מען דאַרף פרעגען אַן'עצה בײַ לײַטען, ווי צו בעגעהן זיך... נאָר שווער צו רעדען מיט מענשען... אַי טאַטע!

מענדעל'ן האָט פערקוועטשט דאָס האַרץ פון רחמנית אויף דעם טאַטען מיט דער מאַמען, וועהענדיג זייער שווײַגען:

— רק דו פאַלסט אָן... אַרײַנגעגאַנגען צו מיקיטען נעהמען אַ זיסע אוגערקע, ס'ער אַ רעש מען האָט געטאַבט...—האָט זיך מענדעל ניט געקאָנט אײַנהאַלטען פון אַ ליגען און, בכיון, געשטעלט זיך דאַווענען מנחה, אויפ'ן קול:

— „אשרי העם שככה לו", — „וואָהל איז צו דעם פאָלק וואָס לעבט זיך אָט אַזוי"— האָט זיך מענדעל פענאַנדערגעהיצט, נאָר יעקב־פסח מיט שרה'ן האָבען איהם ניט געגלויבט... עפּעס אַ פרעמדע שטימע האָט געהילכט אין זײַנע תפילות...—רבונו־של־עולם ראַטעווע אונזער קדיש, העלף איהם!.. ווײַט, זעהר ווײַט פערקראָכען!..

צו אַלע צרות האָט זיך מיקיטע אויך ניט געקאָנט בערוהיגען. ערשט דערזעהן, אַז מען האַלט איהם ניט פאַר אַן'אדם־גדול, אַז מען גיט איהם קײַן כבוד ניט אָב, — ווי אַ זשאַנדאַר האָט ער אַרומגעשפּאַצירט נעבען יעקב־פסח'ן.

פון וואַנען האָבען זיך דאָס גענומען בײַ איהם אַזוינע רעד, מיט אַזוינע קולות?.. ס'ער אַשטאָלץ! ער שרײַט: — יאַ טאַקאָיי מיוחעס קאַק טי, או מעניאַ טאַקאַיאַ חאַטאַ קאַק או טעביאַ... וואָס יאַ וואָר, זלאָדיע?.. זאַטשים טי ניע דאַל מענטקע סידיעץ או מעניאַ, האַמאַני לײַדאַק... אַ מילציש, כזית טי!..— האָט מיקיטע געשריען, נאָר תיכף איז ער אָב־געגאַנגען אָן אַזײַט, אַ פנים אַליין דערשראָקען זיך...

יעקב־פסח האָט נאָך קײנמאָל אַזאַ מיקיטען ניט געזעהן... דאָס גוי'עצעל זאָל האָבען אַזאַ העזה... קריכען אין פנים!.. וואָס טוט זיך דאָ?.. אפשר גאָר פערקויפען דאָס שטיבעל?.. אַרויס אין שטאָדט?..

— צווײ וועלטען האָט דער אויבערשטער בעשאַפען — אײנע פאַר יעקב'ן די אַנדערע פאַר עשו'ן... ביז וואַנען משיח וועט קומען מוז שטעהן די וואַנד, וואָס טהײלט זײ אָב אײנע פון דער אַנדערער... „ויתרוצצו הבנים בקרבה", אײדער יעקב מיט עשו'ן זענען נאָך אַרויס פון דער מוטער'ס בויך, האָבען זײ זיך שוין געשטויסען. אַלץ אײנס, ווי וואַסער קאָן ניט צונויפקומען מיט פײַער, אַזוי קאָן יעקב מיט עשו'ן ניט לעבען אונטער אײן דאַך... יאָ פערקויפען דאָס שטיבעל!.. אָבזעגענען זיך מיט דעם אָרט, וואו עס האָט געלעבט דער טאַטע, דער זײדע... מסתמא דאַרף מען מעהר נישט...— און יעקב־פסח'ן האָט שטאַרק געקרענקט דאָס האַרץ אויף דעם, וואָס ער דאַרף זיך גאָר בעהאַלטען מיט כוונות פון

ביעראזאווע... פון דעסטוועגען נאך־שלש־סעודית איז ער אוועקגעגאנגען אין שטאדט צו מעריב — אריינגעהן צום רב פרעגען אנ׳עצה...

אין שטוב איז געווארען נאך אומעטיגער, — פוסט!.. פייגעל איז אוועקגעגאנגען נאך־ווארטעם שפאצירען, און איז נאך ביז איצט ניט געקומען. מענדעל איז געלעגען אויפ׳ן קאנאפע, ווי א שטומער און געטראכט. — שרה האט גענומען זעלדקען און איז ארוים זיצען א ווײלע אויפ׳ן גאניק, דורכ־לופטער׳ן די נשמה...

די לבנה איז געשטאנען פערבענקט און פערטרויערט אין מיטען הימעל, ווי אנ׳אלמנה אויף דעם מאנ׳ס קבר, און די בין מנחה־למעריב׳דיגע שטערן האבען זיך צונויפגעקליבען אין א רעדעל און געקוקט אויף דעם שטילען, פאר־נאכט׳יגען, צנועה׳דיגען אוליאנקע, ווי עס פליסט זיך עניות׳דיג, — אויף די צוויי הײזלעך וואס זענען הײנט אריין אין אזא שנאה, — און אין זײערע אויגען האט זיך געפיהלט אנ׳עגמת־נפש, וואס דורך זיי דארף דער הייליגער שבת, שנעלער נעהמען דעם וועג, און די שטאלצע אידען וואס האבען טאנצענדיג און זינגענדיג „ד׳ רועי לא אחסר״, איבער א נײעם די וועלט בגעשאפען, פעסטער צונויפגעבונדען דעם הימעל מיט דער ערד, — וועלען דארפען באלד אוועקגעהן עפענען די קראמען. האנדלען, פערקויפען שטילערהייד בראנפען... א גריזלענדעם ווינדטעל האט געטרײסט דורך א שטילען שארך פון א ווערבע, וואס איז געשטאנען נעבען מיקיטעם גארטען, און אויף דער וועלט האט זיך ארויפגעזואָרפען א גרויער מוצאי־שבת׳דיגער אומעט, וואס בעט צו עטוואס, רײסט צו עפעס אונבעוואוסטעס, שטופט אב די „שערי־שמים״ — די הימעלשע טויער׳ן, — וואס פערשטעלען גאט פון מענשען און מענשען פון גאט, פרעהליכע געזאנג און טרויעריגע ילכות מישען זיך צונויף אין אײנעם, מתים אין לעבעדיגע שפאצירען אום ווי גרײבע, צווישען די פאר הבדלה׳דיגע שאטענס, אלץ וואס איז נאר געוועזען אויף דער וועלט פון ששת־ימי־בראשית אן, איז נעבען דיר און אויף דיר. — ביי שרה׳ן האבען זיך געגאסען פון די אויגען טרעהרען, ווי באך און לאנגזאם בענעצט איהרע דארע אײנגעפאלענע באקען... יעדער טרעהר איז איהר געוועזען געשמאק, א חיות, ווי, בשעת, זי לײענט ראש־השנה און יום־כפור די תחינות פון שרה בת־טובים און א שוידער, אנ׳אימה נעמט איהר אן, פארשטעלענדיג זיך, ווי אויף יענעם עולם, וועט מען אויסשרײען אלע טאג:

— פערשטעלטען זאל זײן שרה׳ס בויך, וואס האט געטראגען און געהאט אזוינע קינדער, ווי מענדעל, — זאל זי צו א אידישע תקומה ניט קומען...

שרה׳ן דאכט זיך, אז זי איז שוין טויט... זי וויל געהן צוזעצען זיך א ווײלע ביי דער מאמען אין קבר, נאר מען טרײבט איהר אב, — זי שלאגט זיך מיט׳ן קאפ אן גן־עדן־וואנד און בעט זיך רחמים, מען זאל זי

צולאָזען צו די „אמהות", איבערדרופּט צו דער מוטער רבקה'ן, וואָס האָט אויך געהאַט אַנ'עשו, נאָר די מלאכי־חבלה, שטופּען איהר, שלײַדערן אכזריות'דיג, מיט געשרײַען:

— אוועק פון דאַנען פערפלוכטער בויך... גענומט זי צום דין־וחשבון!..

צודריקענדיג זעלדקען צום האַרצען האָט זיך שרה ביטער פענאַנדער־געוויינט, אויף איהר פינסטערן מזל...

זעלדקע איז אַזוי אַנטשלאָפען געוואָרען אויף די שוים, — שרה האָט איהר אַרײַנגעטראָגען אין שטוב, אַוועקגעלעגט אין אַלטען אין בעט, און צוריק אַרויסגעגאַנגען אויפ'ן גאַניק: עס זיצט זיך ניט אין שטוב...

שטיל איז געווען, — עס האָט זיך געהערט, ווי די ערד וואַקסט און, פּלוצלום איז שרה'ן געוואָרען קלאָהר, וואָס דאָ טוט זיך מיט מענדלען, — דאָס מוטערשע האַרץ האָט אַלץ דערזעהן און דערפיהלט:

— מענדעל איז שוין אַ גרויסער בחור... אַגאַפּיע... מיקיטעס שיקסע... יאָ קלאָהר, ווי טאָג!.. און אָט די האַלבע, שטאַמלענדיגע געדאַנקען, זענען געווען גענוג פאַר שרה'ן... צווישען איהר און יעקב־פּסח'ן טאָרען מעהר קיין סודות ניט זײַן, אַלץ דאַרף ענטפּלעקט ווערן, אַלץ וואָס עס האָט זיך אָנגעקליבען אויפ'ן האַרצען נאָך פון לאַנג אָן... אַז פייגעלע זעצט זיך אַוועק שמועסען מיט איוואַנען ווערט דאָס האַרץ מיט בלוט פערגאָסען:

— וואָס פאַר אַ מאַמע—אַזוינע קינדער... די עפּעלעך פאַלען ניט ווײַט פון בוים... אפשר האָב איך דאָס פערזינדיגט?.. און זי האָט דער־זעהן אַרום זיך אַ גאַנצע חברה קלײנינקע, שוואַרצינקע מענשעלעך, וואָס טײַטלען איהר אין פּנים גרויסע, ווײַסע פינגער און זי ווערד פערטויבט פון זײַערע קולות: „וואָס פאַר אַ מאַמע אַזוינע קינדער"—„וואָס פאַר אַ מאַמע אַזוינע קינדער". — — — — — — — — — —

---

יעקב־פּסח איז געקומען פאַר פריה פון מעריב... אין בית־המדרש איז געווען פּשיט, אַ מלחמה, —די קרובים האָבען געוואָלט פּאַטשען קלמן'ען פאַר דעם שם־רע, וואָס ער האָט אַרויסגעבראַכט אויף מענדעל'ן, און נאָך לאַנגע רעד און צאַנקערײַען איז בערעזאָווע, ווי עס איז, דורכגעקומען, אַז נאָר „עפּעס" מוז דאָ זײַן, און אויסזידלענדיג קלמן'ען, דערפאַר, וואָס אַלע מאָל מיט זײַנע גוזמאות מאַכט ער אָן גאַנצע באַטאַליעס און לענט שטײַנער אויפ'ן האַרצען", האָט מען זיך אומגעקעהרט צו די געוועהנליכע שמועסען מיט די געוועהנליכע אינטערעסען... מעהר נישט עוריאל דער לץ

איז ארומגעגאנגען פון איין באנק צו דער אנדערער, און קראצענדיג, זיינע צוויי הערלעך פון בערדעל, — געוויצעלט זיך:

— מען דארף אויסריכטען צו יעקב־פסח'ן אונזער פראפעסאר — חאנקען: —חא—חא! אפשר איז דער אינגעל גאר משוגע געווארען?.. —

געהענדיג אין בית־המדרש, איז יעקב־פסח געווען געפאלען ביי זיך—ער האט מורא געהאט, אז פון היינט אן, וועט ער זיך רעכנען אין דעם חשבון פון די „געשטראפטע טאטעס", וואס האלטען זיך ביי יעדער מחלוקת אן א זייט: מען זאל זיי ניט אויפדעקען די „ביטערע וואונדען", ניט אריינקריכען מיט די נעגעל אין לונג און לעבער, נאר איצט, זעהענדיג, ווי ביעראזאווע, האט זיך בערוהיגט און מען שמועסט מיט איהם, ווי אלע מאל, איז ער עפעס געווארען נאך געהויבענער ביי זיך, און געטראכט ווי, מיקיטע, להבדיל: „א יעקב־פסח איז פארט יעקב־פסח".

דערהערענדיג וואס חאנקע דער משכיל האט גע'דרשן'ט פאר מנחה, האט זיך יעקב־פסח אוועקגעשטעלט מוסר'ן:—חרפה'טניק, בעז'בושה'ניק,— וואס מיינסטו, משה־רבינו איז דער ווילנער לוח־מאכער?.. מנובל איינער... נאר דא איז שוין יודע־בער געווארען אין כעס... ען אפארחעריי, — ער קריכט אויך...

— יעקב־פסח! מיט דיין אינגעל האסטו זיך שוין גאר אבגע'דאגה'ט?.. עפעס ווי מען דערצעהלט... און יעקב־פסח איז געווארען רויט און ניט מאכענדיג קיין שהיות, אבגעטראגען זיך אן א זייט... ניט דערווארט זיך אפילו הבדלה און איז אוועקגעגאנגען אהיים... יא „א געשטראפטער טאטע"!..

— גוט־וואך, שרה!.. וואס זיצסטו איינע אליין?.. שוין צייט אנצינדען פייער.

— א, זעה, דו ביסט שוין געקומען פון מעריב... גוט וואך — גוט יאהר... אזוי אויך ליכטיג... כ'וויים פערטראכט זיך... אין מח האט געשווינדעלט, די מענשעלעך זענען אומגעשפרונגען נעבען גאניק, און שרה האט עפעס מורא געהאט צו געהן אין שטוב: זי האט געוואוסט, אז דער טאטע מיט דער מאמען, ווערען קומען היינט מאנען התחיבות.

— מיר שפארט עפעס אונטער'ן הארצען... קום יעקב־פסח דורכגעהן זיך אביסעל... א טייערע נאכט...

דאס ערשטע מאל אין זייער לעבען, האבען זיי זיך געפיהלט אזוי נאהנט איינע צו די אנדערע, און, ווי א יונגע פאר'ל, געלאזען זיך געהן שפאצירען צום שליאך, וואס פיהרט אין „מנישקעס סאד"...

פוןביידע זייטען פערזעטע פעלדער, די זאנגען האבען געהושעט אין די אויערן, איינגעהילט אין די פינסטערע שאטענס, ווי מיט א שווארצען סאמעט ביז די קעפ, האבען זיי עפעס געטורמעלט אויף

זײַער דינער, קוים הערענדער שפּראַך, געקוּשט, געהאַלזט זיך, און נײַגענדיג זיך צו דער ערד, וואָס האָט פון אונטען עפּעס געשאָרט און געזונגען, פרעהענדיג זיך, אַ פּנים, וואָס די קינדערלעך זענען פאַר׳ן זומער אַזוי הויך און שעהן אויסגעוואַקסען, — האָבען זײַ געוואונשען דער וועלט: „אַ גוטע נאַכט“... דורך די ריזען־בוימען פון „מנישקעס סאַד“, האָט אַרויס־געקוקט די לבנה, אַ פרישע, אַ געזונדטע, ווי אין אָנהויב־חודש און דאַכט זיך אונטערגעשמײכעלט, ווי שרה מיט יעקב־פּסח׳ן, געהען, כמעט, אונטער די הענד... — טשיקעוועט, ווי זי וואָלט אויף איהר לעבען קײן גרעסערע עבירות ניט געזעהן?.. אַ פויער האָט דורכגעפיהרט פערבײַ אַ וואָגען אָנגעלאָדען מיט גאַרבען, דאָס פערדעל איז געגאַנגען פּאַמעלעך, טריט בײַ טריט, ניט קוקענדיג אויף קײנעם, אַ פּנים עס האָט געשטאָלצירט מיט די שפּאָגעל־נײַע, נאָר וואָס אָבגעשניטענע תבואה, געגרויסט זיך מיט דעם, וואָס די וועלט וועט האָבען פרישע מאכלים...

— ניאָ, ניאָ סקאָרינקאָ, טרעבו אזו באָניו!..

דער פויער, מײַנענדיג אין דער פינסטער, אַז דאָס געהען האַראָ־פּאַסניקעס פון פעלד, האָט געזאָגט צו יעקב־פּסח׳ן מיט שרה׳ן: „פּאָמאָהײַ באָך“! — נאָר זײַ האָבען נישט געהערט, וואָס אַרום טוט זיך: בײדע האָבען געשוויגען און געטראַכט... זײַ האָבען פיל וואָס צו זאָגען אײנע די אַנדערע און עטוואָס שטעהט אין מיטען און דערלאָזט ניט...

— ווײסט שרה? בײַ מיר איז געבליבען: אויף ימים־נוראים געהן אין ליבאַוויטש... שוין לאַנג ניט געווען בײַ א׳רבי׳ן... נאָר שרה האָט איהם גאָר נישט געענטפערט, און זײַ זענען אוועקגעגאַנגען צוריק אַהײם.

פײַגעל איז שוין געקומען פון שפּאַציר, זי איז געשטאַנען געגען אויווען און אויסגעטאָן די שבת׳דיגע מלבושים, און מענדעל איז געזעסען נעבען זײַער, ווי אַ צוקראָכענער מיט יעקב־פּסח׳ס סאַמעטענער יאַרמולקע אויפ׳ן קאָפּ, און געדאַווענט מעריב... שרה האָט אָנגעצונדען פײַער און יעקב־פּסח האָט זיך געשטעלט זאָגען „ויתן־לך“ מיט אַ צובראָכענעם „מלוה־מלכה“־קול:

„יעבדוך עמים, וישתחוו לך לאומים“

— אָ, טאַטע אין הימעל! שוין צײַט, צײַט, אַז דער אידישער מזל זאָל עפּעס דערהויבט ווערן טאַקי אויף אַנ׳אמת... — און אין אַלע ווינקעלעך, האָט זיך געפיהלט, אַז דאָס אַלטע „שלום־בית“ איז פון דאַנען צוגענומען געוואָרען: דעם גוי׳צעלם הײַעל האָט זיך אַרײַנגעריסען און געמאַכט אַ סוף צו דער אַלטער מנוחה; — אַז אַ נײַע מחשבה שוועבט דאָ אום, — אַ מחשבה, וואָס איז ביז איצט נאָך ניט אַרוף אויף קײן ביעראָ־זאַוועד מח. און ווער ווײס צו וואָס זי קאָן נאָך ברענגען?.. דער נדר

ברעכט זיך, די טומאה איז גרויס און דער ס"ם איז שטארק, אַ ווי שטארק, און יעקב־פסח, האָט זיך, פלוצלום, געלאָזען געהן שפּאַצירען הין און צוריק איבער'ן שטיבעל און פון האַרץ־וועהטאָג, עגמת־נפש, האָט ער זיך פענאַנדער'גע'טענה'ט מיט דעם רבונו־של־עולם, האַלב אויף גוי'ש, ווי ער וואָלט וועלען מיט דעם נאָך מאַכען טיפער זיינע צרות:

— ניע ראָזומיע, אַלמעכטיגער גאָט, פאַר וואָס קומט עס מיר, — ניע ראָזומיע!.. —

און אַ גאַנצע נאַכט האָט זיך געהערט אַ'הו'קעריי מיט אַנ'אויקעריי: קיינער האָט ניט געקאָנט אַנטשלאָפען ווערען:

יעקב־פסח האָט געטראַכט — אם־ירצה־השם תיכף נאָך־סוכות, אויסריכטען איהם, דעם אינגעל אין ווילנא — אין דער ישיבה, וועט עסען טעג, רייבען זיך צווישען לייטען און מיט דער צייט אפשר ווערן אַ מענש, — געטרייסט זיך מיט „משה דעם אלטען רבי'ס", מיט דעם ליאַדי'ערס איניקעל וואָס איז אַנטלאָפען מיט אַנ'אַפּטייקערל, געזוכט אין זכרון נאָך „יצא לתרבות־רעה"דיגע קינדער. צרות רבים—חצי נחמה— און אין דער צייט וואָס ער איז געקראָכען אַלץ טיפער אינעווייניג, האָט זיך מענדעל אַלץ געריסען דרויסען, — צו די וועלטען, וואָס אַגאַפיע האָט פאַר איהם אָבגעעפענט...

צ. הירשקאן.





אין פערלאג „פראגרעס" ווארשא,
איז ערשינען אלע ווערק פון י. ל. פרץ.
אין פיער גרויסע בענדער.

I פאלקסטימליכע געשיכטען. פרייז 1.25
II די צײַט. פרייז 1.25
(נאך חאם ארויס פון דרוק)
III דראמאטישע שריפטען (רייך אילוסטרירט) 1.25
IV אדם וחוה 1.25

שעהן געדרוקט אויף גוטען פאפיר. מיט ספעציעלע שעהנע געצייכענטע טיטלען פון יונגען קינסטלער ב. קראטקא.

די וואס שרייבען אויס אלע 4 בענדער צאהלען בלויז 4 ר' פארטא פריי, געבונדען אין פראכט-באנד נאך צו 45 קאפ. פיר יעדער באנד.

ס'פערפערטיגט זיך צום דרוק און קורצלעך ערשיינט דער פינפטער באנד פון אלע ווערק י. ל. פרץ: חסידיש.



אדרעס:
Книгоиздательство „Прогрессъ"
Я. ЛИДСКАГО, Варшава, Налевки 36.

Verlag „Progress"
J. Lidski, Warschau, Nalewki 36.

---

אין פערלאג „פראגרעס", ווארשא, איז ערשינען:
ל. שאפירא.
# נאוועלען.
מיט פאלגענדען אינהאלט:

I אין דער טויטער שטאדט.
II שפוך חמתך.
III דער קוש.
IV שטארקער.
V אויפ'ן ים.
VI דער צלם.
VII ער און זיין דינער.
VIII פרינציפען.
IX צווישען פעלדער.
X דער רב און די רבי'צין.
XI מיד.

א פראכטפאל-שעהנע אויסגאבע, 192 זייטען, אויף גוטען פאפיר.
פרייז פיר באנד: 75 קאפ.
אין פראכט-באנד—נאך 40 קאפ.

אין דעם זעלבען פערלאג איז ערשינען א באנד ערצעהלונגען פון א. ס. ווייסענבערג, אין וועלכען ס'קומען געדרוקט:

I קנאה און תאוה.
II א זומער-טאג.
III א הייסער שבת-טאג.
IV פון פייער און וואסער.
V א דערטרונקענער.
VI די משוגע'נע אין דארף.

א פראכטפאלע אויסגאבע, פרייז 80 קאפ.
אין פראכט באנד נאך 40 קאפ.

נאך וואס ערשינען, יואל, א נייע דראמע פון פרץ הירשביין, א פראכטפאלע אויסגאבע, פרייז 35 קאפ.

מיט בעשטעלונגען זיך צו ווענדען:
Книгоиздательство „Прогрессъ"
Я. ЛИДСКІЙ, Варшава, Налевки № 36.

## נאָר חאָם ערשינענען דאָס צווייטע בוך יודיש.

מיט פאָלגענדען אינהאלט:




פרייז פיר באנד 75 קאָפּ.

ביידע בענדער צוזאמען בלויז 1,25, פּאָרטא פריי. געבונדען אין פראַכט בענדער נאָך צו 40 קאָפּ פיר יעדען באנד.

אדרעס:

Книгоиздательство „Прогрессъ“
Я. ЛИДСКАГО, Варшава, Налевки № 36.

Verlag „Progress“
J. LIDSKI, Warschau, Nalewki № 36.